ספר

# מטעמים

דיא נוטע קוואלין אויף דיא הייליגע מנהגים פון דיא ישראל.

עס איז צו זאמטען געקליבען פון פערשידענע ספרים צו ווייזען אז אלע מנהגים וואס דיא ישראל זענין זיך נוהג איז זייער הייליג. דען דיא מנהגים פון דיא ישראל איז א תורה. איבער דעם דארף מען נישט מבטל צו זיין קיין מינדעסטין מנהג. אונ עס איז מוטל אויף יעדען מענטש דאס ספר דורך צו לערנין. אונ מיר האבען דאס איבער געזעצט אויף ע"ט כדי עס זאל עס קענען יעדער פאר שטיין.

דער זכות פון דעם הייליגען ספר גיהער צו ר' מרדכי מונק
בן שרגא פייביל נ"י מחזיק סקלאד ספרים אין לאדז
גאווימיעסקע שטראסע № 24

פיעטרקוב

בדפוס החדש של ה"ר אברהם רויזענגארטען נ"י

שנת תרס"ה לפ"ק

ועתה נדפס מחדש

פעיה"ק ירושלים תובב"א

שנת תשכ"ו לפ"ק

# הקדמה

אונְזֶערֶע הֵיילִיגֶע חכמים הָאבִּין גִיזָאגְט בַּייא דֶער זַאךְ וָואס עֶס בַּארְף הָאבִּין אַיין טַעם גֵייא זֶעה וִויא אַזוי דִיא וֶועלְט פִיהְרְט זִיךְ. דִיא יוּדֶען זֶענִין הֵיילִיג זֵייעֶר פִיהְרוּנְג אִיז הֵיילִיג. זֵייא זֶענִין קִינְדְער פוּן נביאים אוּנ זֵייעֶרֶע אַלֶע מנהגים שְׁטַאמֶען אַרוּיס פוּן אַ הֵיילִיגֶען יסוד. נָאר וַוייל אִין דִיא יֶעצְטִיגֶע דורות זֶענִין אוֹיף גִישְׁטַאנִין אַזֶעלְכֶע מֶענְטְשִׁין וָואס זֶענִין גְלַייךְ וִויא דִיא ווִילְדֶע חיות וָואס זַייא ווִילֶען אַוֶועק שְׁטוּיסֶען דָאס לִיכְטִיקַייט פוּן גָאט. מִיט דֶעם וָואס זֵייא הַאלְטִין זִיךְ פַאר חכמים אִין זֵייעֶרֶע אוֹיגִין אוּנ זֵייא זָאגִין אַז דִיא אַלֶע מנהגים וָואס אוּנְזֶערֶע הֵיילִיגֶע חכמים הָאבִּין אוּנְץ אַרוּיס גִינֶעבִּין זֵייא הָאבִּין גָאהְר נִישְׁט קֵיין יסוד פוּן וַואנִין זֵייא הָאבִּין דָאס אַרוּיס גֶענוּמֶען. אִיבֶּער דֶעם הָאבִּין זִיךְ גִישְׁטַארְקְט צְווִישֶׁען אוּנְז אַזֶעלְכֶע מֶענְטְשִׁין וָואס. דֶער פוּנְק פוּן יוּדִישְׁקַייט בְּרֶענְט אִין זַייא. זֵייא זָאלִין עֶרְוֶועקִין אוּנְזֶערֶע בְּרִידֶער מֶען זָאל זִיךְ מַאכִין אַיין צָאהְם אוּנ נִישְׁט אָפּ צוּ לָאזֶען דִיא מִינְדֶעסְטֶע זַאךְ פוּן דִיא אַלֶע מנהגים. אוֹיךְ הָאבּ אִיךְ מִיר פוּהְל מִיהֶע גִינוּמֶען אוּיס צוּ זוּכֶען דִיא אַלֶע מנהגים וָואס מֶען אִיז זִיךְ נוהג בַּייא אוּנְץ פוּן אַלֶע הֵיילִיגֶע ספרים הָאבּ אִיךְ אַרוּיס גֶענוּמִין דִיא טעמים פוּן דִיא מנהגים כדי יֶעדֶער זָאל קֶענִין אוּיס וַויזִין דִיא יוּנְגֶע מֶענְטְשִׁין פוּן דֶעם דור אַז זֵייעֶרֶע אַלֶע מֵיינוּנְגֶען וֶוענִין דִיא אמונה אִיז פַאלְשׁ. דִיא אַלֶע יוּדִישֶׁע מנהגים זֶענִין אַ תּוֹרָה. אוּנ דֶער וָואס אִיז מזלזל אִין אַ מנהג אִיז גְלַייךְ וִויא מֶען וָואלְט ח״ו מזלזל גִיוֶועזִין אִין דֶער תּוֹרָה. אַזוי וִויא עֶס וֶוערְט גִיבְּרֶענְגְט אִין פוּהְל עֶרְטֶער אַז אַ מנהג בְּרֶעכְט אַ דִין. אוֹיךְ הָאבּ דָאס ספר המטעמים אִיבֶּער גִיזֶעצְט אוֹיף ע״ט עֶס זָאל עֶס יֶעדֶער קֶענִין פַאר שְׁטֵיין כדי מזכה צוּא זַיין דִיא מֶענְטְשִׁין וָואס זֵייא הָאבִּין נִישְׁט גִילֶערִינְט לשה״ק זֵייא וֶועלִין פוּן דֶעם פוּהְל פֶערְגְנִיגֶען הָאבִּין אַז זֵייעֶרֶע אוֹיגִין וֶועלִין גִיעֶפִינְט וֶוערִין אִין אוּנְזֶערֶען הֵיילִיגֶען גְלוֹיבִּין אוּנ אִיךְ טוּה מתפלל זַיין פַאר השי״ת אַז מַיין מוּהֶע זָאל אָהְן גֶענוּמֶען וֶוערִין אִין מֶענְטְשִׁינְס אוֹיגֶען אוּנ דָאס זָאל חֵן הָאבִּין בַּייא יֶעדֶען כדי דֶער זְכוּת פוּן פוּהְל מֶענְטְשִׁין זָאלִין הֶענְגִין אָהְן מִיר. אוּנ מִיר זָאלִין זוכה זַיין צוּא ביאת הגואל במהרה בימינו אמן:



# ספר מטעמים

## דֶער טַעַם פוּן אִסְרוּ חַג.

(א) דֶער טַעַם פוּן אִסְרוּ חַג וַוייל עֶס אִיז מִיר שְׁוֶועהר אַיְיעֶר אָבּ שֵׁיידוּנְג אַזוֹיא וִויא אוּנ שָׁבוּעוֹת אוֹיךְ אִיבֶּער דֶער לִיבְּשַׁאפְּט פוּן דֶער מִצְוָה. מִדְרָשׁ.

## דֶער טַעַם פוּן אֵלִיָּהוּ אוּנ חֲנוֹךְ.

דֶער טַעַם וָואס חֲנוֹךְ אִיז אַרוֹיף אוּנ הִימֶעל אוּנ עֶס אִיז פוּן אִיהְם גֶעוָוארֶען אַיין מַלְאָךְ אוּנ פוּן זַיין קֶערְפֶּער אִיז גֶעוָוארֶען אַיין פְלַאקֶער פַייֶער. אָבֶּער אֵלִיָּהוּ אִיז מִיט דֶעם שְׁטַארֶעם וִוינְד אַרוֹיף אוּנ הִימֶעל אוּנ זַיין קֶערְפֶּער אִיז גֶעבְּלִיבֶּען אוּנ שְׁטַארֶעם וִוינְד. בְּעֶוַוייל חֲנוֹךְ אַזוֹיא וִויא עֶר אִיז אַרוֹיף אוֹיף דֶעם הוּמֶעל אִיז עֶר שׁוֹין מֶעהְר נִישְׁט אַרָאבּ גֶעקוּמֶען אָבֶּער אֵלִיָּהוּ הָאט גִיבְּרוֹיכְט אַלֶע מָאהְל אַרָאבּ צוּא קוּמֶען אוֹיף דֶער וֶועלְט אוּנ צוּא בֶּעוַוייזֶען זִיךְ צוּא דוּא צַדִיקִים אִיבֶּער דֶעם אִיז זַיין קֶערְפֶּער גֶעבְּלִיבֶּען אוּנ שְׁטַארֶעם וִוינְד עֶר זָאל זִיךְ קֶענֶען אָהְן קְלֵיידֶען אוּנ קֶערְפֶּער וֶוען עֶר קוּמְט אוֹיף דֶער וֶועלְט.

(ב) אַ טַעַם אַז דוּא הוּנְד פְרֵייעֶן זִיךְ אִיז אֵלִיָּהוּ אוּנ שְׁטָאט וַוייל עֶס וִוירְד גִיבְּרֶענְגְט אַז עֶס אִיז פַארַאן דְרַייא וָואס זֵייא הָאבֶּען זִיךְ פַיינְד אוּנ אֵיינֶער פוּן דוּא דְרַייא אִיז אַ הוּנְד דֶער שְׁטֵייגֶער פוּן אַ הוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ פַיינְד אוּנ עֶס אִיז דָא צְוִוישֶׁען זֵייא קְרִיג אִיבֶּער דֶעם וֶוער עֶס רֶעד לְהַ"ר אַיינֶער אוֹיף דֶעם צְווייטֶען וִוירְד מְגוּלְגָל אוּנ אַיין הוּנְד וַוייל עֶר הָאט אָהְן גִימַאכְט קְרִיג צְוִוישֶׁען מַאן אוּנ וַוייבּ. אוּנ אֵלִיָּהוּ קוּמְט צוּא מַאכֶען שָׁלוֹם אוֹיף דֶער וֶועלְט. אִיבֶּער דֶעם פְרֵייעֶן זִיךְ דוּא הוּנְד וַוייל דֶער וָואס אִיז מְגוּלְגָל אוּנ דוּא הוּנְד רֶעכֶענֶען אַז אֵלִיָּהוּ אִיז גֶעקוּמֶען צוּא מַאכֶען שָׁלוֹם וֶועט דָאס זַיין פַּאהְר זֵייא אוֹיךְ אַיין תִּיקוּן אִיבֶּער דֶעם פְרֵייעֶן זֵייא זִיךְ.

(ג) אָבֶּער אַז דֶער מַלְאַךְ הַמָוֶת קוּמְט אוּנ שְׁטָאט קְלָאגֶען דוּא הוּנְד דֶען עֶס וִוירְד גִיבְּרֶענְגְט אַז עֶס וֶועט זַיין אַיין צַייט וָואס דֶער טוֹיט וֶועט בָּטֵל וֶוערֶען אוּנ אַז דֶער מַלְאַךְ הַמָוֶת קוּמְט אוּנ שְׁטָאט אַרַיין אִיז אַיין בְּעֶוַוייז אַז עֶס אִיז נָאךְ נִישְׁט גֶעקוּמֶען דוּא צַייט וָואס דֶער טוֹיט זָאל בָּטֵל וֶוערֶען אִיבֶּער דֶעם קְלָאגֶען דוּא וָואס זֶענֶען מְגוּלְגָל אוּנ דוּא הוּנְד אַרַיין.

## דֶער טַעַם פוּן אֲבֵילוּת.

(א) דֶער טַעַם וָואס מֶען גוּט דֶעם אָבֵל צוּא עֶסֶען אַיין מָאלְצַייט פוּן דֶער פְרֶעמְד וַוייל דֶער וָואס זִיצְט בַּייא אַיין פְרֶעמְדֶען טוּשׁ אִיז אִיהְם פוּנסטער

פונקטער אונטער דוא אויגען אונ איין אבל איז איהם אויך פונקטער זיין וועלט.

(ב) דער טעם וואס מיר זענען גישט יעצט זיך נוהג צוא איבער קערען דאס בעט ביא איין אבל ר"ל ווייל מיר זענען יעצט צווישען פרעמדע פעלקער זייא זאללען ניט זאגען אז מיר טוהן כישוף אויך אונזערע בעטען זענען ניט גימאכט אזויא וויא פארצייטענס אז מען זאל קענען מעהקען אז דוא בעטען זענען איבער דרייט.

(ד) דער טעם וואס מען דאוינט ביא איין אבל עס ווערט גיברענגט איין מת וואס עס איז נישט דא ווער עס זאל טרייסטען קומען צעהן מענשען אונ זעצין זיך אויף זיין ארט. אויך ווערט גיברענגט איינער איז גישטארבין וואס האט גיוואוינט לעבין רבין וואס ער האט ניט גיהאט ווער עס זאל אים קומען טרייסטין. איין טאג האט ר' יהודא איין גיזאמילט צעהן מענשען אונ ער האט זיך גיזעצט אויף זיין ארט. נאך זיבען טאג האט דער מת זיך בעוויזען אין חלום אונ ער האט גיזאגט צו ר' יהודא דוא זאלסט האבין רוה אזוי וויא דוא האסט מיר גישאפט רוה:

(ה) דער טעם וואס עס איז איין מנהג איין אבל עסט ארבים ווייל ארבים זענין קאליכדיג אונ דאס אבלות דרייט זיך אויך אויף דער וועלט אזוי וויא איין קאליכדיגע זאך. אויך ארבים האט ניט קיין מויל אונ איין אבל האט אויך ניט קיין מויל דען ער טאר ניט ריידען אונ לערנין. אויך אדם אונ חוה האבין גיגעסין ארבים ווען זייא האבין גיטרויערט אויף הבל.

(ו) דעם טעם וואס עס איז איין מנהג אז מען נעמט ניט פון קיין אבל דיא מינדעסטע זאך דיא גאנצע צייט פון אבלות. ווייל עס רוהט איין רוח רעה אויף אללעם וואס עס געפינט זיך ביא דעם אבל דיא גאנצע זיבען טאג.

## דער טעם פון איין מאן אונ ווייב.

(א) דער טעם וואס עס איז ביא יודען איין מנהג אז ער גייט מיט זיין ווייב אדער ער טרעפט איין פרעמדע אשה אין גאס אדער ער גייט מיט זיין ווייב אין איין שטיב אריין גייט צום ערשטען דער מאן אונ דאס ווייב פון אונטען. אבער ביא זייא איז פערקערט צום ערשטען גייט דאס ווייב דער נאך גייט דער מאן. ווייל אזויא געפינען מיר ביא יעקב אבינו זענין דיא מאנסלייט פריער. אבער ביא עשו זענין דיא נקבות גיוועזין פריער.

(ב) אויך דעם טעם געפונען מיר אין דיא גמרא עס איז גלייכער צו גיין אונטער איין לייב איידער אונטער איין נקבה. נאך ווערט גיברענגט מנוח איז גיוועזין איין ע"ה ווייל ער איז גיגאנגין אונטער זיין ווייב.

(ג) אויך דער טעם וואס איין אשה קומט אריין צו דער צווייטער זאגט זיא איהר סקאציל קומט. דער טעם פון דעם פארצייטיגס האט מען גערופען איין אשה צל ד' ווייל איין אשה איז זוי וויא איין שאטין זיא גייט אונטער דעם מאן. אדער מען האט זיא גערופען צלע ווייל זיא איז באשאפין גיווארין פון איין ריב איבער דעם אז זיא איז געקומען צו דער צווייטער צו גאסט האט זיא איהר גיזאגט גאסט צל אדער צלע קומט נאר זייא האבין ניקיט גום נאך גיזאגט. אדער מיר קענין זאגין דעם טעם ווייל דיא אשה מאכט איין ברכה אללע ט"ג ער האט מיך

בעשאפען

בַּאשַׁאפִין לוֹיט זַיין ווילֶען איבֶּער דֶעם זָאגִין זַייא נָאכְט ווילֶען קוּמט גָאר זַייא זָאגִין נִישְׁט רִיכְטִיג נָאךְ.

## דֶער טַעַם פוּן פָאטֶער אוּנ מוּטֶער

(א) פַאר וָואס בַּייא אוּנְז זָאגְט מֶען צוּ אֵיין פָאטֶער אוּנ צוּ אַ מוּטֶער קוּם אָדֶער גֵייא אוּנ בַּייא זַייא זָאגְט מֶען לָאז דֶער פָאטֶער גֵיין אָדֶער לָאז דִיא מוּטֶער עֶסְסֶען. וַוייל בַּייא יַעֲקֹב אָבִינוּ גֶעפִינֶען מִיר עֶר הָאט גִיזָאגְט צוּם פָאטֶער שְׁטֵייא אוֹיף זַייא, עֶס. אָבֶּער עֵשָׂו הָאט גִיזָאגְט לָאז דֶער פָאטֶער אוֹיף שְׁטֵיין לָאז דֶער פָאטֶער עֶסְסֶען.

## דֶער טַעַם פוּן בֶּענְטְשֶׁען.

(א) דֶער טַעַם וָואס שַׁבָּת זָאגְט מֶען אוּנ בֶּענְטְשֶׁען מִגְדוֹל אוּנ דֶער וָואכֶען זָאגְט מֶען מַגְדִיל וַוייל שַׁבָּת אִיז אֵיין גְרֶעסֶער טְהֵייל גֶעוֶוען דוּא וָואךְ. אוּנ אֵיין חוֹלֶם ואו נַייזְט אוֹיף גְרוֹיס.

(ב) דֶער טַעַם וָואס אוּנ שַׁבָּת זָאגְט מֶען פַאר דֶעם בֶּענְטְשֶׁען שִׁיר לַמַּעֲלוֹת אוּנ דֶער וָואכֶען זָאגְט מֶען עַל נַהֲרוֹת בָּבֶל. דֶען עֶס וֶוערְט גִיבְּרֶענְגְט אוּנ זוהַר וַאז מֶען דַארְף צוּא זָארְגֶען אוּנ קְלָאגֶען אוּנ צוּא עֶרְמַאנֶען זִיךְ אוּנ דֶעם הֵיילִיגְקֵייט פוּן לַאנְד אִיבֶּער דֶעם זָאגְט מֶען אוּנ דֶער וָואכֶען עַל נַהֲרוֹת בָּבֶל עֶר זָאל טְרוֹיעֶרֶען אוֹיף דֶעם חָרְבַּן בֵּיהמ״ק אָבֶּער אוּנ שַׁבָּת טָאהְר מֶען נִישְׁט טְרָאוֶורֶען זָאגְט מֶען גָאר שִׁיר הַמַּעֲלוֹת וָואס דָארְט שְׁטֵייט גָאר אֵיין טְרֵייסְט פוּן בהמ״ק.

(ג) דֶער טַעַם וָואס מֶען בֶּעהַאלְט דָאס מֶעסֶער בַּייא דֶעם בֶּענְטְשֶׁען חַייל אַייזֶען אִיז גִימַאכְט צוּא קֶערְצֶען דוּא יָאהְר אוּנ דָאס אִיז עֵשָׂו׳ס כּחַ אוּנ דֶער טוּשׁ אִיז גִימַאכְט צוּא דֶער לֶענְגֶערֶען דֶעם מֶענְשְׁס יָאהְרֶען אִיז נִישְׁט גְלַייךְ עֶס זָאל לִיגֶען אַמֶעסֶער אוֹיף דֶעם טוּשׁ נָאךְ דֶעם עֶסְסֶען.

(ד) נָאךְ אֵיין טַעַם וַוייל עֶס הָאט אַמָאהְל גִיטְרָאפֶען אֵיינֶער הָאט גִיהַאלְטֶען אוּנ בֶּענְטְשֶׁען בַּייא בּוֹנֵה יְרוּשָׁלַיִם אוּנ עֶר הָאט זִיךְ עֶרְמַאנְט אוּנ חָרְבַּן בהמ״ק הָאט עֶר זִיךְ אַריין גִישְׁטֶעקְט דָאס מֶעסֶער ע״כ אִיז גְלַייךְ צוּא בֶּעהַאלְטֶען דָאס מֶעסֶער מֶען זָאל ח״ו נִיט קוּמֶען צוּא קֵיין גֶעפַאהְר.

(ה) דֶער טַעַם וָואס מֶען לָאזְט אִיבֶּער פוּן יֶעדֶער עֶסֶען וָואס מֶען עֶסְט צוּם בֶּענְטְשֶׁען דָאס אִיז גְלַייךְ צוּא פֵּאָה וָואס מֶען לָאזְט אִיבֶּער אוּנ עֶק פֶעלְד. אוֹיךְ דוּא בְּרָכָה זָאל הָאבֶּען אוֹיף וָואס חַל צוּא זַיין דֶען אוּנ קֵיין לֵיידִיגֶע כֵּלִי קֶען נִיט אַריין קוּמֶען דוּא בְּרָכָה.

(ו) דֶער טַעַם ווּאס דֶער כּוֹס צוּם בֶּענְטְשֶׁען בְּרוֹיךְ צוּא זַיין פִיל וַוייל דֶער טוּשׁ אִיז אוֹיף דֶעם אָרְט. פוּן מִזְבֵּחַ אוּנ דֶער וָואס עֶסְט אוֹיף דֶעם טוּשׁ אִיז גְלַייךְ צוּם כֹּהֵן וָואס אִיז מַקְרִיב אוּנ דָאס עֶסְסֶען אִיז גְלַייךְ צוּא דֶעם קָרְבָּן. אוּנ דֶער כּוֹס צוּם בֶּענְטְשֶׁען אִיז גְלַייךְ צוּ דֶעם וויין וָואס מֶען הָאט גִינָסֶךְ גִיוֶועזִין אוֹיף דֶעם מִזְבֵּחַ. אַזוֹיא וִויא בַּייא דֶעם מִזְבֵּחַ אַז דֶער כּוֹס אִיז נִיט גִיוֶועזֶען פִיל אִיז גִיוֶועזֶען פָּסוּל אוֹיךְ דוּא ... הָאט גִיבְּרוֹיכְט צוּא זַיין גָאנְץ אַזוֹיא סוּז דָא אוֹיךְ זַיין דָאס זָעלְבֶּע.

(ז) דער טעם וואס מען לאזט איבער ברויט צום בענטשען מען זאל וויינען נאטס ברכה ביא דעם בענטשען אזויא וויא מען זאגט אונ בענטשען דוא ווערסט עססען אונ ווערסט זיין זאט ווערסט דוא לויבען גאט. אויך ווייזט מען השי"ת אז מען האט איבער גילאזט ברויט ביא דעם טיש פיר ארימע לייט אז זייא וועלען קומען עססען וועט מען זייא האבען וואס צוא געבען.

(ח) דער טעם וואס מען זאגט פאר דעם בענטשען רבותי מיר וועללען בענטשען ווייל צוא יעדע היילינגע זאך מוז מען זיך צום ערשטען פאהר בערייטען אונ דאס וואס ער זאגט רבותי בערייט ער זיך פאהר.

(ט) דער טעם וואס מען זאגט רבותי מיר וועללען בענטשען אויף דייטש אונ מען זאגט ניט הב לן ונברך. ווייל צווישען דוא וואס זיצען ביא דעם טיש געפונט זיך אזעלבע וואס זייא פאר שטיין ניט קיין להק"ק אונ אז מען וועט נאך דעם זאגען נברך שאכלנו משלו אונ ער וועט ניט זיין צוא ערשט פאר גיבערייט צום בענטשען וועט ער ניט קענען ענטפערען ווייל מען טאהר ניט ריידען אונ מיט סעודה. איבער דעם מוז מען צום ערשט זאגען רבותי עס זאל יעדער קענען פאר שטיין אונ זייא זאללען וויסען זיך גרייט צו מאכען צום בענטשען זייא זאללען קענען ענטפערען.

(י) נאך איין טעם וואס מען זאגט צום ערשט רבותי ווייל דער וואס בענטשט מוז צום ערשט נעמען רשות ביא דוא איבריגע זייא זאללען איהם ערלויבען צום בענטשען אונ בשעת זייא עססען קענען זייא איהם נאך נישט ערלויבען צוא בענטשען. פרעגט ער זייא רבותי אויב זייא ערלויבען איהם שוין צוא בענטשען אויף דעם ענטפערין זייא יהי שם ד' אז מעגסט בענטשען.

(יא) נאך איין טעם וואס ער מוז נעמען ערלויבעניש צום בענטשען ווייל דער וואס בענטשט. בענטשט פירי ברכות אונ ער נעמט שכר פאר דעם. איבער דעם מוז ער נעמען ערלויבעניש פון אללע ער זאל ניט האבען גיגזלת דוא ברכות.

(יב) דער טעם פאר וואס מען ענטפערט אמן נאך בונה ירושלים אויף זיין אייגינע ברכה. כדי מען זאל מאכען איין צווישען שייד צווישען דוא ערשטע ברכות וואס זענען פון דער תורה אונ דוא ברכה הטוב והמטיב וואס דאס איז מדרבנן דען דוא ברכה הטוב והמטיב האט מען אונ יבנה מתקן גיוועזין.

## דער טעם פון בענטשען דיא קינדער

א) דער טעם וואס מען בענטשט דוא קינדער פרייטיג פאר נאכט ווייל דער פאטער איז גיוואהנט צוא שעלטען דוא קינדער ווייל ער איז אונ כעס איבער דעם בענטשט ער זייא צום ערשט קען שוין דוא קללה נישט חל זיין.

(ב) נאך איין טעם ווייל פרייטיג פאר נאכט איז חל דוא שפע ברוך מען משפיע צוא זיין אויף דוא קינדער איבער הויפט קינדער זייא קענען נישט אויף זיך אליין משפיע זיין דורך זייערע מעשים. נאר דארך דוא הילף פון דעם פאטער קען דוא שפע חל זיין אויף דוא קינדער ווייל זייא האבען נאך נישט קיין זונד.

## דער טַעַם פון אַ מַלְבּוּשׁ

(א) דער טַעַם וואס מען זאגט דעם וואס טוט אָהן איין נייא מַלְבּוּשׁ תִּבְלֶה וְתִתְחַדֵּשׁ אָבער אַז מען טוט אָהן נייע שיך זאגט מען נישט דאס. ווייל אַז מען טוט אָהן שיך מוז מען צום עֶרְשְׁטְען אומבּרענגען איין בְּהֵמָה וואס דוא שיך ווערען געמאכט פון פעל פון אַ בְּהֵמָה אונ עס שטייט אַז השי״ת האט רַחֲמָנוּת איבער אַללע בֶּעשֶׁעפֶּענישׁ.

(ב) דער טַעַם וואס בייא יודען גייט מען אַללע מַלְבּוּשִׁים אָהן געטאהן פון רעכטס אויף לינקס אונ בייא זייא גייט מען פון לינקס אויף רעכטס. ווייל בייא יודען ברויך מען צוא שטארקען דאס רעכטע אויף דעם לינקען ווייל בייא יודען איז דער עִיקָר רעכטס אַזוי בייא יעדע זאך איז בייא אונז פון רעכטס צום ערשטען. לייענען שרייבען אונ בייא זייא איז אַללעס פון לינקס ווייל בייא זייא איז דאס לינקע דער עִיקָר.

(ג) דער טַעַם וואס איין יוד גייט איין קאפעל אונטער דעם הוטעל ווייל מען טאהר ניט גיין אונ דעם בלויזען קאפף אונ מיר מוזען אָב געבען כָּבוֹד אַללע גרויסע לייט אונ דער מִנְהָג איז אַז מען קומט צוא איין גרויסען מאן אוים צוא טאהן דאס היטעל. אונ מען זאל ניט בלייבען שטיין אונ בלויזען קאפף גייט מען פון אונטען איין קאפעל אָבער יעצט איז דאס געשטערט. נאך ווייל מען טוט אָהן דעם טַלִּית איז שוועהר דעם טַלִּית ארויף צוא געמען אויף דעם היטעל איבער דעם גייט מען אונ אַ קאפעל.

(ד) דער טַעַם פאר וואס מען גייט בייא דעם דאווענען אונ איין גארטעל. ווייל עס שטייט אונ פָּסוּק הִכּוֹן לִקְרַאת וגו׳ איבער דעם חאמש בייא דעם גייט ניט אָהן דאס הָאָרֶץ זעהט דוא עֶרְוָה ווייל מען גייט אונ מִכְנָסַיִם פון דעסטען איבער הָכוֹן ברויך מען אָהן צוא טוהן איין גארטעל אונ דורך דעם קאפעל מיט דער גארטעל ערקענט זייא יעדער אַז זייא זענען גאטס גיבענטשטע קינדער. איבער דעם בייא דוא בְּרָכוֹת וואס מען מאכט פְּרוּהָ אוֹזֵר יִשְׂרָאֵל עוֹטֵר יִשְׂרָאֵל ווערט געדאכט דער נאמען ישראל.

(ה) דער טַעַם וואס מען איז גיוואהרנט מען זאל ניט גייען איין מַלְבּוּשׁ בְּשָׁעָה מען גייט עס אָהן געטאהן ווייל מען פארגעסט דאס לערנען.

(ו) דער טַעַם וואס מען שאקילט אוים דוא מאשען נאך תַּשְׁלִיךְ אונ בייא קִידּוּשׁ לְבָנָה מען זאל איבער שטארצען דוא קְלִיפּוֹת וואס האלטען זיך אָהן אונז דורך אונזערע זינד!

## דער טַעַם פון חֲנוּכַּת הַבַּיִת

(א) דער טַעַם וואס עס איז איין מִנְהָג אַז מען בויעט איין הויז מאכט מען איין חנוכת הבית אונ מען בעט צוא זאמען אַללע גוטע פריינד אונ מען מאכט איין סְעוּדָה אונ מען טהיילט פערשידענע שפייזען. אויך אַז עס ווערט בייא איינעם געבארען איין זאכטער מאכט מען איין מַזָּל טוֹב אונ ווען ער גוט איין נאמען בעט ער צוא זאמען איין עולם אונ מאכט אויך איין סְעוּדָה אויך דעם שַׁבָּת איידער מען מאכט חֲתוּנָּה בעט מען אהיים איין עולם

עולם. ווייל דוא דרייא נאכען חאטש עס ניט קיין נחש איז עס איין סימן א הויז. א קינד. א אשה. אזויא געפונען מיר בייא יצחק אבינו בשעת ער האט געוואלט בענטשען עשו'ן האט ער זיך פריר געהייסען מאכען זיסע שפייז דארף דוא עסן שפייזען קען מען בענטשען. אויך דער וואס גרייט צוא דוא שפייזען קען געבענטשט ווערען דארף דוא שפייזען איבער דעם גוט מען שפייזען ער זאל דארף זייא געבענטשט ווערען עס זאל איהם זיין מיט מזל.

(ב) דער טעם וואס מען איז נזהר אז מען גייט שוועלען איין הויז אז מען זאל ניט לייגען קיין פאהרען בעלקים אונ איין שטוב ווייל דוא שדים האבען שליטה איבער פאהרען איז עס איין סכנה!

## דער טעם פון שוהל.

(א) דער טעם וואס מען ריפט פרייטוג פאר נאכט אונ שוהל ווייל דעמאלס ווען דוא יודען זענען געוועזען אונ זייער לאנד האט מען געבלאזען פרייטיג פאר נאכט זעקס תקיעות מען זאל דאס פאלק אפ שיידען פון זייער ארבייט. מאכען מיר איין זכר מען ריפט אונ שוהל כדי מען זאל וויסען צוא פאר מאכען דוא געוועלבען אונ אויף צוא הערען פון דער ארבייט.

(ב) דער טעם וואס אללע טאג אז מען ריפט אונ שוהל קלאפט מען דרייא מאהל מיט דעם האמער ווייל אונ בהמ"ק האט מען אללע טאג געבלאזען צוא דעם קרבן תמיד פון דער פריה אונ פאר נאכט. אויך דער שמש האט אללע טאג אויס גערופען כהנים שטייט אויף צוא אייער עבודה.

(ג) דער טעם וואס פרייטיג פאר נאכט ריפט דער שמש אונ שוהל אונ ער קלאפט נישט מיט דעם האמער. ווייל אממערהסטענס ריפט דער שמש אונ שוהל עטוואס פאר בין השמשות טאמער פאר געסט ער אונ ער וועט דעם האמער טראגען אונ שבת אונ דער האמער איז מקצה.

(ד) דער טעם וואס אז דער שמש גייט עפענען דוא שוהל קלאפט ער פריר דרייא מאהל אהן איידער ער עפענט. ווייל מען טאהר ניט אריין קומען אונ יעגעמס שטוב אהן זיין ערלויבעניש. מכ"ש אונ שוהל וואס דאס איז איין הייליג ארט טאהר מען געווים נישט אריין גיין אהן ערלויבעניש איבער דעם קלאפט ער פריר אהן דאס איז ער נעמט רשות אריין צוא גיין.

(ה) דער טעם פאר וואס איין בהכנ"ס ווערט גערופען שוהל ווייל דוא ר"ת פון שוהל איז שבחו והודו לשמו דאס הייסט דאס ארט איז צוא לויבען צוא השי"ת.

(ו) דער טעם וואס מען מאכט אונ שוהל איין לייכטער מיט אכט רעהרען ניט זיבען ווייל מען טאהר ניט מאכען קיין שום כלי אויף דעם איינגענעם פארעם אזויא וויא עס איז געוועזען אונ בית המקדש.

(ז) דער טעם וואס מען מאכט דוא פענסטער אונ שוהל אונ דער הייך ווייל דוא שוהל איז געמאכט געווארען נאר צום דאווינען אונ בייא דעם דאווינען דארף מען אונ זון האבען מען זאל ערענסט בעטען פיר השי"ת עס זאל איהם קיין שום זאך צוא מישען דוא געדאנקען איבער

דעם

דעם זעהנען דוא פענכטער אונ דער הייך מען זאל נים ארויס קוקען אונ מישען דאוונגען עס זאל איהם נישט צוא מישען דוא געדאנקען. אויך פאר צייטינס האבען דוא אומות אריין געקוקט אונ זייא האבען געשפעט פון אונז איבער דעם האט מען געמאכט דוא פענסטער הויך זייא זאללען גיט קענען אריין קוקען.

(ח) דער טעם וואס מען שטעלט איין קאסטען מיט זאמד אונ שוהל וייל מען מאכט איין זכר צו דעם מזבח וואס איז געוועזין פוהל מיט ערד.

(ט) דער טעם וואס מען מאכט דוא בימה אונ מיט שוהל כדי דער עולם זאלען קענען הערען פון אלע זייטען דאס לייגען.

## דא ווערט געברענגט דער טעם וואס מען ריפט פון י"ז בתמוז ביז נאך ט' באב בין המצרים.

(א) דער טעם וואס דוא טעג ווערען אזוי גערופען בין המצרים ווייל פון שבועות ביז י"ז תמוז איז נייע-צין טאג אונ דעמאלס איז משה רבינו ע"ה אראב געקומען מיט דוא לוחות אונ ער האט זייא צוברואכען אונ ער איז דאס צווייטע מאהל ארויף אונ היממעל אריין אונ דוא פערציג טעג איז הקב"ה געוועזען אונ צארען. אונ ווער האט גורם געוועזען דעם צארען דער יצה"ר. אונ המצרים איז דא איין סם אונ אזוי הייב ווארט איין סם אונ כוף אונ מיט בלייבט יצר איבער דעם ווערט עס גערופען בין המצרים. אז נאך דוא צווייא מאהל סם האט מצליח געוועזען דער יצה"ר.

(ב) נאך איין טעם ווייל עס שטייט מן המצר קראתי יה. אונ דוא טעג זעהנען דוא ישראל אונ איין נויט. יאזוי וויא עס ווערט גיברענגט אז איין ש-אל האט איין משפט אונ דוא טעג זאל ער זיך אפ שלאגען ווייל דוא טעג זעהנען נישט מזלדיג.

## דא ווערט געברענגט דוא טעמים פון א בר מינן ר"ל.

(א) איין טעם וואס דער זוהן מאכט צוא דעם פאטער דוא אויגען ווייל מיר געפונען אז הקב"ה האט גיזאגט צוא יעקבן יוסף וועט ארויף טאהן זיין האנד אויף דיינע אויגען.

(ב) איין טעם וואס תיכף דעקט מען צו דעם בר מינן דאס פנים. כדי דוא מקטרגים זאללען נישט קענען קוקען איהם אונ פנים אויך אונ שטערען וואס דארט איז אהן געצייכינט דעם מענטשס זונד זייא זאללען איהם גיט טאהן קיין שלעכטס.

(ג) איין טעם וואס דער שמש קלאפט צווייא קלעפ אז עס איז דא איין בר מינן. ווייל עס ווערט געברענגט אז דורך דעם וואס מען גייט אונ שוהל אריין איז מען זוכה צוא אריכת ימים. אונ איין מענטש כל זמן ער לעבט האט ער אונ זיך דרייא שותפים הקב"ה אונ דער פאטער אונ דוא מוטער איבער דעם אז דער שמש ריפט אונ שוהל קלאפט ער דרייא מאהל מיט דעם האמער ווייל ער ריפט אלע דרייא חלקים זאללען

קומען

קומען אונ שוהל אריין. אבער אז ער איז שוין טויט נעמט זיך השי״ת זיין חלק אונ דוא צווייא חלקים פון פאטער אונ מוטער ליגט. איבער דעם טויט מען צווייא קלעפ מען זאל וויסען אז עס איז דא איין טויטער אונ שטאט וואס ער האט נאר צווייא שותפים.

(ד) איין טעם וואס מען גיסט אויס דאס וואסער ווען עס איז דא איין בר מינן. ווייל מיר גיפינען דעמאלט ווען מרים איז געשטארבען האט גיפעלט וואסער.

(ה) איין טעם וואס מען ריפט ווען מען גייט מיט איין בר מינן צדקה תציל ממות. ווייל מען איז מודיע איבער דעם וואס דער בר מינן האט געגעבען צדקה איז ער ניצל געווארען פון איין מיתה משונה אונ ער איז געשטארבען אויף זיין בעט גלייך מיט אללע מענטשען נאך איין טעם כדי דוא צדקה זאל איהם מציל זיין פון דעם איביגען טויט.

(ו) איין טעם וואס מען לייגט איין טויטין שערבעלך אויף דוא אויגען ווייל עס ווערט געבערענעט בשעת אלכסנדר מוקדון איז גיגאנגען איין נעמען דוא גאנצע וועלט ביז ער איז געקומען צוא דער טוהר פון גן עדן אונ ער האט גיוואלט אריין גיין האט מען איהם נישט אריין גילאזט. אונ מען האט איהם ארויס געגעבען פון דארט א שווארצען אפיל פון א אויג האט מען עס געוואגען האט מען נישט געקענט צוא טרעפען קיין שום געוויכט דאס האט אלעם אראפ גיצויגען ביז מען האט ארויף געלייגט איין ביסעל ערד האט עס שוין מעהר ניט געצויגען מען האט איהם געוויזען אז דאס אויג גליסט אז דוא גאנצע וועלט איז פאר איהם ווייניג ביז ער שטארבט איבער דעם לייגט מען שטיקלעך שערבעליך צוא ווייזען אז אצינד וועט ער שוין נישט מעהר גליסטען. נאך צוא ווייזען אז דער מענטש איז בעשאפען פון ערד אונ ער גייט צוריק צוא דער ערד.

(ז) איין טעם וואס מען רינגלט ארום מיט דעם מת ביי דער לויה דורך דעם ווייטסטען וועג כדי עס זאל זיך מעהרען מענטשען צוא דער לויה איבער דעם כבוד פון דעם טויטען. אזויא געפינען מיר אויך ביי דער לויה פון יעקב אבינו שטייט אז זייא זענען געקומען ביז גורן אטד אונ אמת אז מען גייט פון מצרים קיין חברון ברויך מען נאר נישט צוא קומען ביז דעם ארט נאר יוסף הצדיק האט ארים גערינגעלט אונ ער איז געגאנגען איין ווייטען וועג כדי עס זאל זיך מעהרען מענשען וואס וועלען קומען צוא דער לויה.

(ח) איין טעם וואס מען גייט צוריק פון דער לויה וואשט מען זיך דוא הענט מען נייזט איין צייכען אז נישט איבער אונזערע זונד איז ער געשטארבען אזויא וויא ביי איין עגלה ערופה אונ דארט שטייט אז זייא זאללען זיך וואשען דוא הענד.

## דא ווערט געברענגט איין טעם פון ריידען.

(א) איין טעם וואס מען זאגט אויף יעדער זאך וואס מען וויל מאכען אם ירצה השם. ווייל עס שטייט איין מענטש טראכט פיהל אבער השי״ת עצה בלייבט.

איין

(כב) דער טעם אז מען ערציילט זיין צער דעם חבר זאגט ער לא וויל מיר געפונען עס ווערט געברענגט אין מדרש איכה אויף דעם פסוק לא עליכם כל עוברי דרך אז פון דעם פסוק לערנען מיר אוים אז איינער בעקלאגט זיך דארף ער זאגען צוא דעם חבר לא עליכם:

## דער טעם פון פיש עסין לכבוד שבת.

(א) איין טעם איז ווייל מיר געפונען ווען דוא ווערט איז בעשאפען געווארען אז השי"ת האט געבענטשט דרייא זאכען אונ דרייא טעג איינעם נאך דעם אנדערען, ער האט גיבענטשט דוא פיש דעם פינפטען טאג. דעם מענטש אונ זעכסטען טאג, דעם שבת האט ער געבענטשט דעם זיבעטען טאג. ווער עס עסט פיש לכבוד שבת ווערט ער גיבענטשט מיט דער געדריטע ברכה.

(ב) נאך איין טעם ווייל איין פיש קען נישט לעבען אהן וואסער אויך דוא יודען קענען נישט לעבען אהן דער תורה וואס זיא איז געגליכען צוא וואסער.

(ג) נאך איין טעם וואס מען עסט פיש מען מאכט איין זכר פון דער עקידה וואס מען ווייסט מאכען פון לויתן לעתי"ל.

(ד) נאך איין טעם וואס מען עסט פיש לכבוד שבת אזויא וויא דוא פיש האלטען זיך שטענדיג אונ וואסער פון דעסטוועגען אז עס גייט א רעגען שפרינגען זייא אויף דוא מאכער צוא כאפען דעם טראפען רעגען גלייך וויא זייא וואלטען קיין מאהל נישט פאר זיכט קיין טראפען רעגען, אזויא אויך דוא ישראל האבען זייער גאנץ לעבען איז אונ דער תורה פון דעסטוועגען אז זייא הערען איין נייע זאך אונ דער תורה שטעלען זייא אויף זייערע אויערען. אונ אלע טאג זעהט דוא תורה בייא זייא אוים נייא גלייך וויא זיא וואלט איינר געגעבען געווארען:

(ה) נאך איין טעם אזויא וויא איין פיש כל זמן ער האט אויף זיך עטוואס פייכטקייט קען ער לעבען אונ אז איהם ווערט טרוקען אונטער דוא פלוספעדערען קען ער מעהר נישט לעבען. אזויא אויך דוא בעלי מלאכות וואס זייא זענען א גאנצע וואך פאר יאגט אונ זייא האבען נישט קיין צייט צוא לערנען האט מען זייא געגעבען דעם שבת זייא זאלען קענען לערנען תורה וואס זיא איז געגליכענט צוא וואסער. אונ כ"ז ער וועט האבען אויף זיך דאס פייכטקייט פון דער תורה וועט ער האבען חיות אז נישט וועט זיך ח"ו דאס חיות אוים לאזען:

## דער טעם פון מזכיר נשמות.

(א) איין טעם וואס עס איז א מנהג אז מען איז מזכיר נשמות גייט ארויס פון דער שוהל דער וואס האט עלטערען, ווייל אז ער וועט דארט זיין טאמער וועט ער אויך מזכיר נשמות זיין אונ איין מענטש דארף צוא היטען זיינע לעבען ער זאל נישט ארוים ריידען אזעלכעס ברי עס זאל ח"ו נישט מקוים ווערען.

ב) נאך איין טעם ווייל אממעהרסטען ריפט מען דוא קינדער נאך דוא געשטארבענע עלטערינס געהאמען, אז ער וועט זיין דארט בשעת מען איז מזכיר נשמות אונ איהם ריפט מען אויך דעם זעלבען נאמען קען, קען האז סיינען איהם אויך אונ מען ברויך זיך צוא היטען ניכט ארויס צו צוהן פון מויל קיין שלעכטס.

ג) נאך איין טעם ווייל אויף דעם ארט וויא מען איז מתפלל טאהר מען ניכט שטיין אונ ניכט מתפלל צוא זיין מיט דעם ציבור. אזויא וויא מיר געפונען אז מען טאהר ניכט פאר בייא גיין פאר אזויא איין ארט וויא מען איז מתפלל אונ ער זאל ניכט מתפלל זיין. איז גלייך זייא זאלען ארויס גיין איבער דער צייט איידער זייא זאלען שטיין אונ ניכט מיט זאגען.

ד) נאך איין טעם פון ארויס גיין בשעת מען איז מזכיר נשמות. כדי דוא וואס ברויכען מזכיר נשמות זיין זאלען ניכט פאר מישט ווערען דורך דוא וואס ווילען ניכט מזכיר זיין דען זייא ווילען איבער דער צייט ריידען צווישען זיך:

## דער טעם פון דוא מנהגים בייא דער הפטורה.

א) דער טעם וואס דעם וואס מען ריפט אויף צוא מפטיר ליינט מען פאר איהם נאך איין מאהל דרייא פסוקים פון דוא וואס מען האט געליינט וואס ער איז עולה געוועזען אחרון, ווייל דער וואס האט מפטיר ווערט ניט גערעכענט צווישען דוא זיבען קראים איבער דעם זאגט מען קדיש פאר מפטיר מען זאל מאכען איין הפסק צווישען דוא קריאות וואס געהערען צוא דוא זיבען קרואים אונ צווישען דעם מפטור. נאר כדי מען זאל איהם ניכט מבייש זיין ליינט מען איהם פאהר דרייא פסוקים פון דער תורה ער זאל קענען מאכען איין ברכה.

ב) דער טעם וואס אונ תענית ציבור ליינט מען ויחל אונ דער פריה אונ בייא מנחה אונ דוא הפטורה ליינט מען ניכט נאר בייא מנחה. אונ ט' באב ליינט מען דוא הפטורה אונ דער פריה אויך! ווייל אונ א תענית ציבור מעג מען טוהן איין מלאכה האט מען ניכט געוואלט מטריח זיין אויף דעם ציבור אונ דער פריה מיט דער הפטורה, אבער אונ ט' באב טאהר מען ניכט טוהן קיין מלאכה אויך ניכט האנדלען איבער דעם ליינט מען אונ דער פריה אויך דוא הפטורה:

ג) דער טעם וואס אונ שבת הגדול ליינט מען דוא הפטורה וערבה וואס פאר איין טייכות האט דאס צוא שבת הגדול. ווייל אונ פסח ווערען דוא תבואות געמשפט, אונ מיר ווייסען אז דורך דוא זונד וואס מען טוט ניכט קיין מעשרות ווערט אויף געהאלטען דער רעגען אונ עס מאכט זיך איין יקרות אונ עס ווערט איין הינגער ריל, אבער אז מען גוט מעשר ווערען דוא תבואות געבענטשט, אזויא וויא עס שטייט איהר ברענגט דעם מעשר וכו' פריוום מיך אוים מיט דעם וגו', נעהט מען בפירוש אז דוא הפטורה גיהער צוא פסח מען איז מזהיר פאר דעם גמר דין דעם עולם זייא

זייא זָאלְלֶען בְּרֶענְגֶען דוא מעשׂרות, עֶס זָאל חו נִישְׁט גֶעשְׁטְרָאפְט וֶוערֶען אויף אַיין הִינְגֶער:

(ד) דֶער טַעַם וָואס פון אַלְלֶע נביאים אִיז דָא אַיין הפטורה נאר פון נחום צפני׳ חגי אִיז נִישְׁט דָא קֵיין הפטורה, וַוייל דוא ר״ת פון דוא דְרַייא נביאים אִיז נצח ווייל זייא זָענֶען אֶהֶן גֶעבְּלִיבֶּען אויף לעתיד לבוא וֶוען עֶס וֶועט זַיין דוא גאולה:

(ה) דֶער טַעַם וָואס אַז עֶס גֶעפַאלְט חנוכה אונ צְווַייא שבתים לַיינְט מֶען דוא הפטורה פון דֶעם עֶרְשְׁטֶען שבת רָני ושמחי פון זכריה אונ דֶעם צְווייטֶען שבת ויעש ש מה מִים דֶעם שכל הָאט מֶען גֶעבְּרויכְט צוא לֵיינֶען פְרִיר דוא הפטירה פון ויעש שלמה. וַוייל דָאס אִיז גֶעוֶועזֶען פְרִיר אונ דֶער נָאךְ דוא הפטורה פון זכריה. נָאר דֶער טַעַם וַוייל דוא הפטורה פון זכריה אִיז רָשִׁיבֶר וַוייל דָארְט וֶוערְט גֶערֶעדְט דָאס נביאות אויף לעתיד:

# דֶער טַעַם פון חֲנוּכָּה:

(א) דֶער טַעַם וָואס מֶען מַאכְט אַיין סְעוּדָה אונ חנוכה ווייל חנוכה גֶיפַאלְט שְׁטֶענְדִיג אונ פ״שת מקץ אונ דָארְט שְׁטֵייט „לטבוח טבח והכן״ דָאס אִיז דוא אותיות פון חֲנוּכָּה:

(ב) דֶער טַעַם וָואס אונ חֲנוּכָּה שְׁפִּילְט מֶען אונ דְרַיידֶעל אונ פּוּרִים הָאט מֶען אַיין גְרָעגֶער. וַוייל אונ חֲנוּכָּה אִיז נִישְׁט גֶעוֶועזֶען קֵיין ההעוררות פון אוּנְטֶען נָאר פון הִימֶעל וַוייל הש״ית הָאט רחמנות גֶעהַאט אויף אוּנְץ אִיבֶּער דֶעם שְׁפִּילְט מֶען אונ דְרַיידִיל וָואס מֶען הַאלְט עֶס פון דֶער הֵייךְ עֶס זָאל מרמז זַיין אַז דוא ישועה אִיז גֶעוֶוען פון דֶער הֵייךְ. אָבֶּער אונ פּוּרִים הָאבֶּען זייא גֶעטָאהְן תשובה אִיז גֶעוֶועזֶען דָאס התעוררות פון אוּנְטֶען. אִיבֶּער דָעם הַאלְט מֶען דָעם גְרֶעגֶער פון אוּנְטֶען:

(ג) נָאךְ אַיין טַעַם וָואס מֶען שְׁפִּילְט אונ דְרַיידֶעל וַוייל עֶס אִיז אִיבֶּער גֶעדְרֵייט גֶעוָוארֶען דוא דורךְ הטבע אַז שְׁטַארְקֶע זֶענֶען אִיבֶּער גֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען אונ דוא הֶענְד פון שְׁוַואכֶע:

# דֶער טַעַם פון דוא מִנְהָגִים בַּייא חָתָן אונ כַּלָה:

(א) אַיין טַעַם וָואס עֶס שְׁטֵייט בת פלוני לפלוני נִישְׁט פלונית, וַוייל בַּייא אַיין נְקֵבָה אִיז דֶער עִיקָר וָואס מֶען זָאל מהדר זַיין זִיא זָאל אַרוֹיס קוּמֶען פון אַיין שֵׁיינֶע משפחה אָבֶּער אַיין זכר אִיז דֶער הוֹיפְּט אַז עֶר אַלֵיין זָאל זַיין אַיין אַיידֶעלֶער מֶענְטְשׁ:

(ב) אַיין טַעַם וָואס מֶען פְּרִיוֹוְט אַיין חָתָן פַאר דוא תנאים, אַזוֹיא גֶעפִינֶען מִיר אויךְ אַיידֶער הקב״ה הָאט גֶעגֶעבֶּען דוא תורה צוא דוא יִשְׂרָאֵל הָאט עֶר זַייא גֶעפְּרִיוְוט אַזוֹיא ווִיא עֶס שְׁטֵייט שם שָׂם לו חוק ומשפט ושם נסהו:

(ג) דֶער טַעַם פון דָעם וָואס בַּייא תנאים צוא בְּרֶעכְט מֶען אַיין טָאפּ אונ אוּנְטֶער דוא חופּה צוא בְּרֶעכְט דֶער חָתָן אַיין גְלָאז, וַוייל עֶס וֶוערט גֶעבְּרֶענְגְט אַיין עֶרְדֶענֶע כלי אַז זִיא וֶוערְט צוא בְּרָאכֶען הָאט זִיא שׁוין נִישְׁט קֵיין תקנה אָבֶּער א גְלֶעזֶערְנֶע כלי אַז מֶען צוא בְּרֶעכְט קֶען מֶען זִיא גֶעמַאכֶען נאךְ

נאך איין מאהל אונ אויזוועזן אויף וועט געברענגט אונ ספרים אז עס גלייכער צוא געטאן איידער אפּ צוא לאזען איין שידוך:

(ד) איין טעם וואס מען שענקט מתנות פון דעם חתן צוא דער כלה אונ פון דער כלה צוא דעם חתן. אזוויא געפונען מיר אז הקב"ה האט געשענקט מתנות פאר דוא ישראל. דאס רויב פון מצרים אונ פון ים אונ מן אונ דעם שלו. אויך דוא ישראל האבען געשענקט מתנות פאר הקב"ה דוא פיר גוטע מדות וואס דוא ישראל האבען געהאט אונ מצרים:

(ה) דער טעם פון דעם מנהג אז אונ דעם טאג פון דער חתונה שיקט דוא כלה דעם חתן איין טלית מיט ציצית אונ מנהג ישראל איז א תורה. דאס איז ווייל מיר געפונען עס ווערט געברענגט איין מעשה מיט איין מענש וואס ער איז געוועזען נעהיטען אונ דער מצוה פון ציצית האט ער געהערט אז עס איז דא איין זונה בייא דוא שטעט פון ים וואס זיא נעמט פיר הונדערט גילדען פאר איהר שכר האט ער געשיקט איהר שכר וכו'. ווענען געקומע דוא ציצית אונ האבען אים געשלאגען איבער דעם פנים האט ער זיך אוועק געריקט וכו'. האט ער איהר געזאגט איך שווער דיר אז איך האב נאך נישט געזעהן אזוויא איין שיינע פרויא, נאר מיר האבען איין מצוה ציצית וואס זייא האבען זיך געשטעלט פאר מיר אזויא וויא פיר עדות. זעהט מען ווער עס איז נזהר אונ דער מצוה היט זיא איהם אב פון זונד. איבער דעם שיקט איהם דוא כלה אונ טאג פון דער חתונה איין טלית מיט ציצית אויף איין צייכען אז דורך דער פרויא וואס ער האט זיך אוים ערוועהלט אונ דורך דוא ציצית וועט ער אב געהיטען ווערען פון זונד:

(ו) דער טעם וואס דער חתן שיקט דער כלה אונ דעם חופה טאג איין שלייער אויף דעם קאפּ ווייל עס ווערט געברענגט א"פ דעם פ' ויק כי כסתה פניה יעדע כלה וואס זיא איז פרום בייא דעם שוועהר אונ הויז איז זיא זוכה עס זאל פון איהר ארוים קומען מלכים אונ נביאים. אזויא אויך געפונען מיר בייא רבקה שטייט זיא האט זיך צוא געדעקט דאס פנים. הייזט דער שלייער אז זיא ברויך צוא זיין איין צניעה בייא דעם מאן אין הויז:

(ז) איין טעם וואס מען פיהרט דעם חתן אונ שוהל אריין דעם שבת פאר דער חתונה אונ דעם שבת נאך דער חתונה. ווייל עס ווערט געברענגט אונ פרקי דר"א בשעת שלמה המלך האט געזעהן איין כתה פון גמ"ח האט ער גימאכט אונ ביהמ"ק צווייא טהורען איינער פאר חתנים וכו'. ווענען דוא מענטשען פון ירושלים זיך פאר זאמלט אונ שבת אונ ווענען געזעסען צווישען דוא צווייא טהורען אונ זייא האבען געבענטשט יעדען חתן. אז דאס בהמ"ק איז חרב געווארען האבען אונזערע חכמים מתקן געוועזען אז דער חתן זאל קומען אונ שוהל אריין אונ דוא מענטשען פון שוהל זעהן דעם חתן אונ זייא בענטשען איהם טוהן זייא אויך גמ"ח אזויא וויא פאר צייטענס:

(ח) דער טעם וואס מען ריפט אויף דעם חתן דעם שבת פאר דער חתונה אונ דעם שבת נאך דער חתונה כדי ער זאל וויסען איין אונטער שייד פון דער תורה וואס ער האט געלערנט פאר דער חתונה צוא דער

תורה

תורה פון נאך דער חתונה׳ ווארים דער וואס איז אהן איין ווייב דער איז אהן שמחה אונ אהן תורה אהן ברכה:

(ט) דער טעם וואס מען ריפט דוא חתונה וואך דוא גילדענע וואך ווייל דער וואס האט נישט קיין ווייב דער איז אהן שמחה אונ אהן תורה אונ בייא דער תורה שטייט אז זיא איז גליכטיגער פון גאלד. אונ דוא וואך האט ער חתונה וואס דורך דעם וועט ער זוכה זיין צוא דער תורה וואס זיא איז חשיבער פון גאלד:

(י) דער טעם וואס מען מאכט נישט צוויא חופות אונ איין וואך ווייל עס שטייט אז לבן האט געזאגט צוא יעקב׳ן ערפילל דוא וואך:

(יא) דער טעם וואס מען שטעלט דוא חופה אונטער דעם הימעל. דאס מאכט מען איין סימן אז זייערע קינדער זאללען זיך מעהרען אזויא וויא דוא שטערען פון הימעל:

(יב) דער טעם וואס מען ריפט אהן הכנסת כלה נישט הכנסת חתן. ווייל עס איז געוועזען איין מנהג אז דעם חתן האט מען נישט געפיהרט צוא דעם שווער נאר צוא זיין פאטער:

(יג) דער טעם וואס מען איז מקדש מיט איין רינג. ווייל אונ איין קייט איז דא פוהל רינגען איינס אריין געשלאסען אונ דעם צווייטען. אונ דאס איז בעוויסט אז דוא דורות וואס גייען איינע נאך דעם אנדערען זענען אהן געשלייפט איינע אונ דער אנדערע אזויא וויא איין רינג אונ דער קייט איינער ווערט געבארען פון דעם צווייטען איבער דעם איז ער מקדש מיט איין רינג אז ער גוט איהר איין צייכען אז זיא זאל זוכה זיין עס זאל פון איהר ארויס קומען איין דור אז דוא רינג זאל נישט איבער האקט ווערען פון דער קייט.

(יד) דער טעם וואס מען צוא ברעכט איין גלאז אונטער דער חופה. דוא שמחה זאל נישט זיין אונ נאנצען מען זאל זיך ערמאנען אונ חרבן בהמ״ק.

(טו) נאך איין טעם וואס דער חתן צוא ברעכט איין גלאז בייא דער חופה דאס ווייזט איין צייכען אז אפילו ער וועט ח״ו זינדיגען וועט איהם העלפען תשובה אזויא וויא איין צוא בראכען גלאז וואס מען קען עס נאך איבער מאכען!

(טז) דער טעם וואס דוא סעודה פון דער חתונה מאכט דער פאטער פון דער כלה נישט דער חתן. ווייל עס ווערט געברענגט אונ דער גמרא דער וואס איז טועם פון דער סעודה פון חתן אונ ער איז נישט משמח דעם חתן איז ער עובר אויף פינף קולות. איבער דעם גיהער נישט דוא סעודה צוא דעם חתן נאר צוא דער כלה כדי מענטשען זאללען ח״ו נישט נכשל ווערען אין דעם איסור:

(יז) דער טעם וואס מען שטעלט דוא חופה אויף דעם שוהל הויף אונ נעגען דער לבנה. ווייל דאס ארט איז הייליג אונ דוא לבנה איז מען אויך מקדש אז ער איז דא מקדש דוא כלה איז עס איין געדריטעלטע קדושה.

(יח) דער טעם פון דעם מנהג אז מען מאכט איין סעודת מצוה מאכט דער חזן יעדען איין מי שבירך אונ מען איז מנדר אויף תלמוד תורה אונ אנדערע נדרים ווייל עס ווערט געברענגט אונ מדרש בשעת אברהם אבינו האט געמאכט איין סעודה ווען ער האט אנטוויינט זיין זוהן יצחק האט

דער שטן מקטרג געווען וואס ער האט גאהר נישט מנדר געוועזן פאר השי"ת און דורך דעם איז געשעהן דער נסיון פון דער עקידה. איז מען מנדר נדרים אויף צדקה עס זאל ח"ו נישט זיין קיין קטרוג:

(יט) נאך איין טעם. ווייל מיר געפונען איוב האט מקריב געוועזן קרבנות פאר דוא קינדער נאך דער סעודה. ער האט געזאגט טאמער האבען זייא געזינדיגט דורך דער סעודה איבער דעם דארף מען מורא צוא האבען טאמער האט מען ח"ו געזינדיגט דורך דער שמחה איז מען מנדר נדרים. דאס וואס מען פאסט בה"ב נאך יו"ט איז אויך איבער דעם זעלבען טעם:

(כ) נאך איין טעם וואס מען מאכט יעדען איין מי שבירך נאך דער סעודה. עס ווערט געבערענגט אז הקב"ה האט געזאגט אז זייא וועלען מאכען דאס משכן וועט ער זייא געבען דוא ברכות און אז זייא האבען דאס משכן גיענדיגט האט ער זייא געבענטשט יברכך. יאר. ישא. אויך דעמאלס איז געוועזען דער גמר פון דער חתונה צווישען הקב"ה און דוא ישראל און דוא ישראל ווערען אהן גערופען כלה און עס איז דעמאלס געוועזען דוא שמחה פון הקב"ה איבער דעם איז איין מנהג אז מען מאכט איין שמחה מען זאל בענטשען דעם גאנצען עולם:

(כא) דער טעם וואס דער חתן בעדעקט דוא כלה מיט איין דעק טוך. ווייל עס ווערט געבערענגט אז איין אשה גיהער צוא דעם מאן דורך דרייא זאכען דורך געלד און שטר און ביאה. און דער גמרא שטייט אז ער האט פערשפרייט זיין טוך אויף איהר האט ער זיא שוין קונה געוועזען:

(כב) נאך איין טעם. עס שטייט און דער גמרא כתובות איין סימן פון איין בתולה וואס איהר קומט איין כתובה צווייא הונדערט גילדען אז זיא גייט ארויס מיט איין צופלאטענעם קאפף. איבער דעם גייט דער חתן און דעקט איבער דער כלה דעם קאפף ער ווייזט מיט דעם אז זיא איז איין בתולה און איהר קומט איין כתובה צווייא הונדערט גילדען:

(כג) נאך איין טעם וואס מען בעדעקט דוא כלה מיט איין דעק טוך ווייל מען טאהר נישט קוקען דער כלה און פנים. און עס איז דא פערשידענע מענשען וואס קומען אויף דער חתונה וואס זייא זענען זיך מתכוון צוא קוקען דער כלה און פנים אריין. קען ארויס קומען דורך דעם ח"ו איין מכשול ווייל מסתמא איז דוא כלה אהן געציהרט און צירונג און טייערע מלבושים. האט מען מתקן געוועזען צו איבער דעקען איהר דאס פנים:

(כד) נאך איין טעם וואס מען באדעקט דער כלה דאס פנים מען ווייזט מיט דעם אז דער חתן מיינט נישט איהר שוינהייט נאר איהרע מעשים טובים און איהר משפחה אזויא וויא עס שטייט און פסוק שקר החן והבל היופי אשה יראת ה' היא תתהלל דאס מיינט מען אז דער חן און דאס שוינהייט פון איין אשה איז נישט דער עיקר נאר יראת שמים איז דער עיקר:

(כה) דער טעם וואס מען בעווארפט דעם חתן דעם שבת וואס מען רופט איהם אויף צוא דער תורה מיט ניס און מאנדלען ווייל אגוז בגימטריא אזויא וויא חטא איין צייכען אז מען איז איהם מוחל דוא זונד און מאנדלען איז איין פרי וואס זיא ווערט צום פריהסטען פארטיג אזוי זאל ער זוכה זיין מוליד צוא זיין פירות:

דער

(כו) דֶער טַעַם וָואס אַלְלֶע שִׁידוּכִים גֶעשֶׁעהֶן דוּרךְ אַיין שַׁדְכָן וַוייל מִיר גֶעפִינֶען בַּייא יִצְחָק אָבִינוּ אַז עֶר הָאט גֶענוּמֶען רִבְקָהְ'ן אִיז אוֹיךְ גֶעוָועזֶען דוּרךְ אֱלִיעֶזֶר'ן. אַזוֹיא אוֹיךְ וָוען השי"ת הָאט גֶעגֶעבֶּען דוּא תּוֹרָה צוּא דוּא יִשְׂרָאֵל אִיז אוֹיךְ גֶעוֶועזֶען דוּרךְ משֶׁה רַבֵּינוּ ע"ה:

(כז) אַיין טַעַם וָואס דֶער חָתָן אִיז מְקַדֵּשׁ דוּא כַּלָּה אוּנְטֶער אַיין חוּפָּה. וַוייל מִיר גֶעפִינֶען בַּייא דוּא עֶרְשְׁטֶע קְדוּשִׁין דָאס אִיז בַּייא מַתַּן תּוֹרָה אִיז גֶעוָועזֶען אוּנְטֶער דֶעם בַּארְג סִינַי אַזוֹיא וִויא אוּנְטֶער אַיין חוּפָּה:

(כח) דֶער טַעַם וָואס דוּא שֶׁבַע בְּרָכוֹת מַאכְט מֶען נָאךְ דוּא קִידוּשִׁין אוּנ בַּייא יֶעדֶער מִצְוָה דַארְף מֶען צוּם עֶרְשְׁטֶען מַאכֶען אַיין בְּרָכָה וַוייל אַז מֶען וֶועט פְרִיר מַאכֶען דוּא בְּרָכָה טָאמֶער וָועלְלֶען זַייא חֲרָטָה הָאבֶּען פוּן דוּא קִידוּשִׁין וָועט זַיין אַיין בְּרָכָה לְבַטָּלָה:

(כט) הֶער טַעַם וָואס דֶער חָתָן אַלַיין מַאכְט נִישְׁט דוּא בְּרָכָה נָאר אַיין פְרֶעמְדֶער וַוייל עֶר אִיז אַיין טָרוּד וָועט עֶר נִישְׁט קֶענֶען מְכַוֵּין זַיין:

(ל) דֶער טַעַם וָואס דֶער חָתָן זָאגְט אַיין דְרָשָׁה פַאר דֶער חוּפָּה. דָאס אִיז אַיין צַייכֶען פוּן מַתַּן תּוֹרָה. אוּנ דָאס וָואס דֶער בַּדְחָן אִיבֶּער הַאקְט דֶעם חָתָן אוּנ מִיט דְרָשָׁה דָאס אִיז אַיין צַייכֶען וָואס דוּא לוּחוֹת זֶענֶען צוּא בְּרָאכֶען גֶעוָוארֶען:

(לא) דֶער טַעַם וָואס דוּא חָתָן כַּלָּה פַאסְטֶען דֶעם טָאג פוּן דֶער חוּפָּה. וַוייל דֶער טָאג אִיז בַּייא זַייא אַזוֹיא וִויא יוהכ"פ וַוייל מֶען פַאר גִיבְּט זַייא דוּא זוּנְד:

(לב) דֶער טַעַם וָואס מֶען וָואס בֶּעוַוארְפְט דֶעם חָתָן מִיט הָאפְּפֶען בִּשְׁעַת קַבָּלַת פָּנִים. וַוייל פוּן אַצוּנְד אָהְן אַז עֶר נֶעמְט אַיין וַוייבּ בְּרוּיךְ עֶר צוּא הָאפְּפֶען צוּא השי"ת אַז וָועט אִיהְם מְזַמֵּן זַיין פַּרְנָסָה:

(לג) דֶער טַעַם וָואס מֶען פִירְט צוּם עֶרְשְׁטֶען דֶעם חָתָן אוּנְטֶער דֶער חוּפָּה דֶער נָאךְ בְּרֶענְגְט מֶען דוּא כַּלָּה וַוייל מִיר גֶעפִינֶען אַזוֹיא בַּייא מַתַּן תּוֹרָה צוּם עֶרְשְׁטֶען אִיז גֶעקוּמֶען השי"ת אוֹיף דֶעם בַּארְג סִינַי נָאךְ דֶעם זֶענֶען גֶעקוּמֶען דוּא יִשְׂרָאֵל:

(לד) דֶער טַעַם וָואס מֶען שְׁטֶעלְט דוּא כַּלָּה אוּנ דֶער רֶעכְטֶער זַייט פוּן חָתָן. וַוייל עֶס שְׁטַייט אוּנ פָּסוּק נצבה שגל לימינך זֶענֶען דוּא סוֹף וֶוערְטֶער פוּן דֶעם פָּסוּק "כַּלָּה" אַז זִיא דַארְף צוּא שְׁטֵיין אוּנ דֶער רֶעכְטֶער זַייט:

(לה) דֶער טַעַם וָואס מֶען קְנִיפְּט אוֹיף אַלְלֶע קְנִיפֶּען פוּן דֶעם חָתָן אוּנ כַּלָּה פַאר דֶער חוּפָּה כְּדֵי עֶס זָאל זַייא נִישְׁט שַׁאטֶען קֵיין שׁוּם כִּישׁוּף ח"ו:

(לו) דֶער טַעַם וָואס דוּא אוּנְטֶער פִיהְרֶערְס רִינְגְלֶען אַרוּם מִיט דֶער כַּלָּה דְרַייא מָאהְל אַרוּם דֶעם חָתָן. עֶס שְׁטַייט אַזוֹיא אוּנ פָּסוּק אַז דוּא נְקֵבָה רִינְגֶעלְט אַרוּם דֶעם זָכָר:

(לז) דֶער טַעַם וָואס מֶען פְלֶעכְט אוֹיף דוּא הָאֶער פוּן דֶער כַּלָּה פַאר דֶער חוּפָּה וַוייל הקב"ה הָאט חַוָּה'ן אוֹיף גֶעפְלָאכְטֶען אוּנ אָהְן גֶעצִיהְרְט אֵיידֶער עֶר הָאט זִיא גֶעבְּרֶענְגְט צוּא אָדָם הָרִאשׁוֹן:

(לח) דֶער טַעַם וָואס מֶען קְלַייד אָהְן דֶעם חָתָן פַאר דֶער חוּפָּה אַיין קִיטֶעל. עֶס שְׁטַייט אַלְלֶע צַייטֶען זָאלְלֶען זַיין דַיינֶע קְלַיידֶער וַוייס עֶר זָאל גֶעדֶענְקֶען אָהְן דֶעם טָאג פוּן שְׁטַארְבֶּען אוּנ עֶר זָאל נִישְׁט נָיךְ יָאגֶען דוּא תַּאֲוַת פוּן דֶער וֶועלְט:

(לט) נאך איין טעם וואס דער חתן גייט אונ איין קיטעל. דען עס שטייט אז דרייא מענטשען איז מען מוחל זייערע זונד. אונ איינער פון זייא איז א חתן. אונ עס שטייט אז אייערע זונד וועללען פאר געבען ווערען וועלען זייא זיין ווייס וויא שנעה איבער דעם גייט ער אונ ווייסע בגדים:

(מ) דער טעם וואס מען גוט אונטער פיהרערס פאר דעם חתן אונ דער כלה מיר געפונען אז אדם הראשון האט אויך געהאט אונטער פיהרערס מיכאל אונ גבריאל אונ בייא מתן תורה איז געוועזען משה אונ אהרן אונטער פיהרערס:

(מא) דער טעם וואס דער חתן בעצאהלט פאר שרייבען דיא כתובה. אזויא געפונען מיר אז הקב״ה האט בעצאהלט משה רבינו פאר דעם שרייבען דיא לוחות דאס פסולת האט געהערט צוא איהם:

(מב) דער טעם וואס דער חתן זאגט איין דרשה אונ טאג פון דער חופה. ווייל עס שטייט אונ דער גמרא דער וואס גוט זיין טאכטער פאר איין ע״ה איז גלייך וויא ער וואלט זיא געבינדען אונ געגעבען פאר איין לייב איבער דעם זאגט דער חתן איין דרשה ער ווייזט אז ער איז נישט קיין ע״ה גאר איין בר אוריין:

(מג) דער טעם וואס מען גוט דעם חתן אונ דעם טאג פון דער חתונה מתנות אונ מען רופט דאס דרשה געשאנק ווייל דער חתן איז געגליכענט צוא איין מלך אונ דוא כלה צוא איין מלכה. אזויא וויא איין מלך דעם טאג וואס מען קריינט איהם שענקט איהם יעדער טייערע געשאנקען אזויא אויך גוט מען דעם חתן וואס איז גלייך צוא איין מלך געשאנקען:

(מד) נאך איין טעם געפונען מיר אין זוהר הקדוש בשעת הקב״ה איז געגאנגען צוא דוא אומות זייא זאללען נעמען דוא תורה אונ זייא האבען נישט געוואלט אונ ער האט זיא געגעבען דוא ישראל. האבען אללע אומות געשענקט מתנות דוא ישראל אונ איין חתן איז גלייך אזויא וויא דוא ישראל דעמאלט ווען זייא האבען מקבל געוועזען דוא תורה שענקט מען זייא אויך מתנות:

(מה) דער טעם וואס דוא מתנות געהערען צוא דער כלה ווייל מיר געפונען אברהם אבינו האט געזאגט וחיתה נפשי בגללך איז דער פשט מען וועט מיר געבען מתנות דורך דיר איבער דעם געהערען דוא מתנות צוא דער אשה:

(מו) נאך איין טעם וואס מען גוט דוא מתנות צוא דער כלה ווייל עס שטייט אז מען האט הנאה פון דער תורה גייט מען פון דער וועלט. גיט מען דוא מתנות דער כלה אז דער חתן זאל נישט הנאה האבען פון דעם שכר פון דער דרשה:

(מז) דער טעם וואס מען גיבט דעם כוס של ברכה אויף דער ערד. דאס איז איין סימן ברכה אז הקב״ה זאל זייא משפיע זיין ברכה:

(מח) דער טעם וואס בשעת מען טאנצט דאס מצוה טענצעל שרייט מען שבת. שבת. ווייל אללעס וואס מען איז זיך נוהג בייא איין חתן לערינט מען זיך אוים פון מתן תורה אונ דוא תורה איז געגעבען געווארען אונ שבת, איבער דעם שרייט מען שבת כדי עס זאל זיין איין רמז אויף מ״ת.

נאך

(מט) נאך איין טעם וואס מען שרייט בשעת דער חתן טאנצט דאס מצוה טענציל שב"ה שב"ת, ווייל דיא ר"ת פון שב"ת איז שמש בדהן סארווער, שרייען זייא בשעת דעם טאנצין אז מען זאל געבין געלד פיר זייא:

(נ) דער טעם וואס בייא דיא שבע ברכות וואס מען זאגט אונטער דער חופה זאגט מען פריר בורא פרי הגפן, אונ דער נאך דיא איבריגע ברכות, אונ בורא פרי הגפן דער נאך, ווייל מיר מאכין דיא ברכות וועגין דעם חתן וואס ער האט דיא הנאה וואס ער נעמט איין ווייב, אויך דיא ברכה פון וויין ווייל ער וויל טרינקען, אונ פון דער כלה טאהר ער נישט הנאה האבין ווארום איין כלה אהן א ברכה איז אסור אזוי וויא איין נדה, אבער פון דעם וויין מעג ער באלד הנאה האבין, איבער דעם מאכט מען פריר דיא ברכה איבער דעם וויין, ווייל ער מעג איהם באלד טרינקען, אויך ווייל דיא ברכה פון וויין איז שטענדיג קומט אזא ברכה צו מאכין צום ערשטין, אבער דער נאך בייא ברכת נשואין דאס איז דיא סעודה נאך דער חופה מעג ער שוין הנאה האבין פון דער כלה קומט דיא ברכת חתנים אויף דעם וואס ער האט שוין הנאה גיהאט אונ דיא ברכה פון וויין וואס ער וויל הערשט טרינקען קומט צו מאכין פריר דיא ברכת חתנים דער נאך דיא ברכה איבער דעם וויין!

(נא) דער טעם וואס דער חתן גייט אין ווייסע בגדים, ווייל איין חתן איז גיגלעכינט צו איין כהן, אזוי וויא עס ווערט גיברענגט אזוי וויא איין כהן זיצט אויבען אהן אזוי אויך איין חתן, איבער דעם קלייד מען דעם חתן ווייסע בגדים אזוי וויא איין כהן איז גיוועזין אהן גיקלייד בשעת ער האט גיטאהן דיא עבודה:

(נב) דער טעם וואס יעדער איינציגער טאנצט מיט דער כלה. אונ מען רופט עס דאס מצוה טענציל. ווייל עס ווערט גיברענגט אונ דער היילינגער גמרא. וויא אזוי טאנצט מען פר דער כלה אונ פאר צייטינס האט מען גיטאנצט פאר דער כלה ווייל פארצייטינס זענין זייא גיוועזין היילינג אז זייא האבין גענומען דיא כלה אויף דיא אקסיל אונ זייא האבין מיט איהר גיטאנצט האבין זייא גיזאגט דאס זעהט בייא זייא אוים דוויא זייא וואלטין גיטראגין איין בעליק אויף דיא אקסיל. אבער היינט בעוה"ר האט מען מורא טאמער ח"ו וועט מען קומען דורך דעם צו איין הרהור עבירה קען מען אזוי נישט מאהן. איבער דעם מאכט מען איין זכר וואס יעדער איינציגער דרייט זיך ארום מיט דער כלה דורך איין טיכעל. אונ מען רופט עס מצוה טענציל מען זאל עס ערמאנענען ער זאל אונ זון האבין אז ער זאל דאס מאהן נאר לשם מצוה:

(נג) דער טעם וואס בייא יעדער חתונה קריגט מען זיך. עס איז איין רמז אויף דיא לוחות וואס זענין צובראכין גיווארין ווייל דאס איז גיוועזין בפרהסיא איז גישעהן א עה"ר:

(נד) דער טעם וואס פאר דער חופה ועצט מען ארום דעם חתן בחורים אונ דער חתן זיצט אויבען אהן אונ ער זאגט פר זייא איין דרשה אונ מען שהיילט זייא לעקאך. ווייל עס שטייט בייא איין מלך איך האב איהם אויס ערוויילט פון דעם פאלק. אזו וויא מען מאכט איין מלך קלויבט מען אויס דעם בעסטין, א חתן איז אויך גיגלעכינט צו א מלך איבער

דעם

דעם זעצט מען ארום בחורים צו ווייזען אז דער חתן איז אויס ערוויילט געווארין פון דיא בחורים:

(נה) דער טעם פון דעם מנהג וואס נאך דער חופה טאנצין אלטע ווייבער קעגין דיא חתן כלה אונ זייא טראגין אין דער האנד איין געבאקענים קוכען אונ זייא זאגין צום חתן וואס ווילסט דוא צו דיא חלה אדער דיא כלה. ווייל עס ווערט געברענגט אונ דער גמרא אונ ארץ ישראל אז א חתן האט חתונה געהאט האט מען איהם געזאגט „מצא" אדער „מוציא" איבער דעם פרעגען אויך דוא אלטע ווייבער דעם חתן וואס ער וויל צוא וויל ער דוא כלה וואס דאס איז „מצא" אזוי וויא עס שטייט מצא אשה מצא טוב. צוא וויל ער דוא חלה וואס דאס איז מוציא איבער דער חלה מאכט מען המוציא. מען זאגט דאס איין רמז ווייל מען וויל נישט ארוים ריידען קיין שלעכטס פון מויל:

(נו) דער טעם פון דעם מנהג וואס מען לייגט פאהר דעם חתן אונ שבת נאך דער חתונה דוא פרשה ואברהם זקן בא בימים דאס איז מען מאכט איין גוטען סימן אז זייא זאלען זוכה זיין עס זאל פון זייא ארויס קומען גוטע דורות זייא זאלען זיין צדיקים אזוי וויא יצחק אונ רבקה:

(נז) דער טעם פון דעם מנהג וואס דוא סעודה פון דער חתונה איז נאר בייא נאכט ווייל דוא ערשטע סעודה וואס איז געוועזען בייא יודען פון א חתונה איז געוועזען בייא נאכט בשעת יצחק אבינו האט חתונה געהאט מיט רבקה'ן. ווייל אליעזר דער קנעכט פון אברהם איז געקומען מיט רבקה'ן פאר נאכט ביז עס איז געוועזען דוא סעודה איז פאר בייא געגאנגען איין צייט אז ווען עס איז שוין געוועזען דוא חתונה איז געוועזען שפעט בייא נאכט:

(נח) נאך איין טעם געפונען מיר בייא יעקב אבינו איז אויך געוועזען דוא סעודה פון דער חתונה בייא נאכט:

(נט) דער טעם פון דעם מנהג וואס דעם חתן טוהן אהן דוא אונטער פיהרערם דוא מלבושים. ווייל איין חתן איז געגלעכינט צוא איין מלך אזוי וויא מען קלייד אהן א מלך אזויא אויך איין חתן:

(ס) נאך איין טעם וואס ער קלייד זיך ניט אליין אהן. ער זאל זיך ערמאנען אונ שטארבען ווארום איין מת טוהן אויך אנדערע אהן. אונ דורך דעם וועט ער תשובה טוהן:

(סא) דער טעם וואס דער פאטער אונ דוא מוטער אונ אללע גרעסטע לייט פון דוא קרובים בענטשען דעם חתן אונ דוא כלה פאר דער חופה ווייל דעמאלס איז דוא בעסטע צייט פאר דעם בענטשער אויך פאר דעם וואס ווערט געבענטשט אז דוא ברכות זאללען מקוים ווערען. ווייל זייא האבען דעמאלס צובראכענע הערצער וועללען זייא עהרינגסט אונ זון האבען אז דוא ברכות זאללען מקוים ווערען. אזוי וויא דוא עלטערען בענטשען דוא קינדער ערב יוהכ"פ פאר נאכט איז אויך איבער דעם זעלבען טעם ווייל זייא בענטשען דעמאלס מיט איין צובראכען הארץ קען דוא ברכה געכער חל זיין:

(סב) דער טעם וואס עס גייען מיט פוהל מענטשען מיט דעם חתן צוא דער חופה. ווייל מיר געפונען אויך בייא מתן תורה איז הקב"ה ארויס געגאנגען אויף דעם בארג סיני מיט פוהל טויזענטער מלאכים:

דער

(סג) דער טעם פון דעם וואס דוא וועלט איז מדקדק אז דוא חתן כלה זייען צוא דער חופה אז זייא זאללען צוא. אמערשטען גיין מיט דעם רעכטען פוס. אזוי אויך ריפט אוים דער שמש מיט דעם רעכטען פוס. דאס איז איין גידעכעניש אז פון אצונד אהן זאל ער זיך אוים קלויבען דעם רעכטען וועג נישט דעם לינקען ח"ו. אויך איז עס איין סימן אז ער זאל שטארקען דאס רעכטע איבער דעם לינקען:

(סד) דער טעם וואס מען לייגט דוא כתובה אונטער דער חופה אונ מען גוט זיא דער כלה כדי דער חתן זאל הערען וויא מען לייגט אוים דוא כתובה מיט דוא קנינים אונ אויף וואס פאר איין אופן ער איז זיך מתחייב דוא כתובה אויב ער בעשטייט אויף דעם. אונ מען גוט דוא כתובה דער כלה זיא זאל היטען דוא כתובה ווייל מען טאהר נישט וואוגען מיט איין ווייב אהן א כתובה. עס איז גליך אזויא וויא מען לייגט אוים איין שטר פאר דעם לוה איידער מען גוט געלט. אזויא אויך געפונען מיר בשעת דוא ישראל זענען געשטאנען אויף דעם בארג סיני איז צוא זייא געקומען משה רבינו אונ האט זייא אוים גערעכינט אלעס וואס זייא האבען צוא פאדערען זיך בייא הקב"ה אזויא וויא עס שטייט ואתם תהיו לי ממלכת כהנים וגו':

(סה) דער טעם וואס מען לייגט דוא כתובה צווישען ברכת אירוסין אונ ברכת נישואין מען זאל מאכען צווישען זייא איין הפסק כדי מען זאל וויסען אז פריר איז געוועזען דוא ברכת אירוסין אונ אצונד איז ברכת נשואין:

## דער טעם פון דוא מנהגים אונ ראש חדש:

(א) דער טעם וואס ווייבער טוהן ניט קיין מלאכה אונ ר"ח ווייל זייא האבען ניט געוואלט געבען זייער צירונג צוא מאכען דאס עגל האט זייא הקב"ה געגעבען זייער שכר זייא זאללען אב היטען ר"ח. אונ ווייל זייא האבען געגעבען זייער צירונג צוא דעם מלאכת המשכן אונ דאס משכן איז אויף געשטעלט געווארען אונ ר"ח ניסן וואס דער חדש איז דער ערשטער פון אלע הדשים איבער דעם האט מען זייא געגעבען יו"ט אלע חדשים:

(ב) דער טעם וואס אונ ר"ח זאגט מען האלב הלל. ווייל דער הלל וואס מען זאגט אונ ר"ח איז נאר איין מנהג נישט קיין חיוב איבער דעם איז מען נישט גומר דעם הלל עס זאל זיין איין היכר:

(ג) נאך איין טעם וואס אונ ר"ח איז מען נישט גומר הלל ווייל דעם טאג איז מען מוחל דוא עונות אזויא וויא יוה"כ. מען זאגט זמן כפרה לכל תולדותם איבער דעם איז מען נישט גומר דעם הלל:

(ד) דער טעם וואס מען לייגט אב דוא תפילין אונ ר"ח פאר מוסף ווייל אונ דער שמ"ע פון מוסף זאגט מען אונ דער קדושה כתר איבער דעם איז נישט גליך אז דער כתר פון תפילין זאל מען גיין אויף דעם קאפ בשעת מען זאגט כתר עס זאל נישט זיין צווייא כתרים בייא זאמען:

(ה) נאך איין טעם וואס מען לייגט אב דוא תפילין פאר מוסף. ווייל בייא מוסף איז גליך צוא יו"ט וואס יו"ט איז איין אות איבער דעם

אז

איז גלייך אז מען מאכט היכר מען זאל נישט האבען אויף זיך דעם אות פון תפילין:

(ו) דער טעם פון דעם מנהג וואס דוא קינדער ברענגען געלט דעם מלמד אונ ר"ח מען ריפט עס ר"ח געלט. ווייל מען זאגט אונ ר"ח זמן כפרה לכל תולדותם איז דאס געלט איין כפרה פאר דוא קינדער:

(ז) דער טעם וואס ר"ח ניסן ווערט גערופען חודש אביב ווייל ניסן איז דער עלצטער פון אלע חדשים אונ יאהר אונ דוא ר"ת פון אביב איז אב י"ב דער עלצטער פון דוא צוועלף חדשים:

(ח) דער טעם וואס מען מאכט סעודת ר"ח. פאר איין זכר וואס מען האט געמאכט איין סעודה פאר דוא עדות וואס זענען געקומען זאגען אז זייא האבען געזעהן דעם חודש:

(ט) דער טעם וואס מען מאכט פאר קינדער אונ ל"ג בעומר איין פאלער בויגען. ווייל דער טאג איז דוא יאהר צייט פון דעם הייליגען תנא ר' שמעון בן יוחאי. אונ דוא אלע יאהרען וואס דער תנא האט געלעבט האט מען נישט געזעהן קיין רעגען בויגען. איבער דעם מאכט מען איין סימן אונ דעם טאג פון זיין הסתלקות וואס קינדער האבען איין פאלער בויגען:

(י) דער טעם וואס מען ריפט דעם אנדערען טאג פון ר"ח סיון יוחס טאג ווייל דעם טאג האט מען געמאכט דוא יודען פאר מיוחסים מען האט זייא געזאגט ואתם תהיו לי וגו' וגוי קדוש:

(יא) דער טעם וואס מען עסט מצות אונ פסח שני. ווייל אונ דעם זעלבען טאג האט זיך אויס געלאזט בייא דוא ישראל וואס זענען ארויס געגאנגען פון מצרים דוא קיכלעך וואס זייא האבען זיך מיט גענומען אונ דאס איז געוועזען מצה מאכט מען וועגען דעם איין זכר:

(יב) דער טעם וואס אונ ר"ח תשרי בענטשט מען נישט קיין ר"ח ווייל עס שטייט בכסא ליום חגינו דאס מיינט מען אז דער חדש תשרי דארף צוא זיין פאר הוילען פון דוא מלאכים אויך פאר דעם שטן:

(יג) דער טעם וואס דער חודש חשון הייסט מרחשון ווייל עס ווערט געברענגט אונ מדרש תנחומא אז פון דער צייט וואס עס איז געוועזען דאס מבול איז נגזר געווארען אז עס זאל איביג זיין רעגען פערציג טאג פון דעם חדש אהן איבער דעם הייסט ער מר דאס איז טייטש איין טראפען:

(יד) דער טעם וואס דער חדש חשון הייסט בול. ווייל אונ דעם חדש האבען שוין דוא בהמות גיט צוא עסען אונ פעלד דארף מען שוין אויס צוא מישען אונ דער היים פאר זייא עסען איבער דעם הייסט דער חדש בול דאס איז טייטש אויס מישען:

(טו) דער טעם פון דעם מנהג וואס מען שטייט בשעת מען בענטשט ר"ח ווייל דאס איז געגליכענט צוא דעם וואס מען האט מקדש געוועזען דעם חודש פאר צייטענס אונ דאס האט געברויכט צוא זיין מען זאל שטיין. איבער דעם בענטשט מען ר"ח אויך שטייענדיקער הייט:

(טז) דער טעם פון דעם מנהג וואס מען פאסט אללע ערב ר"ח אונ מען זאגט יוה"כ קטן בווייל אונ ער"ח פאר גיבט מען דוא זונד פון גאנצען חדש:

(יז) דער טעם וואס מען עסט אונ חמשה עשר בשבט אללע מיני פירות

ווייל

וַוייל אוּנ חֲמִשָּׁה עָשָׂר אִיז ר״ה אוֹיף דוּא בֵּיימֶער אוּנ אוֹיף דוּא פֵּירוֹת אִיז פַאר זֵייא אֵיין זְכוּת אַז מֶען מַאכְט אִיבֶּער זֵייא אֵיין בְּרָכָה:

(יח) דֶער טַעַם וָואס מֶען זָאגְט נַאנְץ חֹדֶשׁ אֱלוּל דָאס קַאפִּיטֶעל לדוד ד׳ אורי וישעי וַוייל דֶער מֶדְרָשׁ זָאגְט אוֹרִי מֵיינְט מֶען ר״ה וישעי אִיז יוהכ״פ כמי אירא בהו״ר אוֹיךְ שְׁטֵייט דָארְט לוּלא האמנתי דָאס אִיז דוּא אוֹתִיּוֹת אֱלוּל אוֹיךְ שְׁטֵייט כי יצפנני בְּסוּכָּה אֵיין רֶמֶז אוֹיף סוּכּוֹת:

## דִּיא טַעֲמִים פוּן טַלִּית אוּנ צִיצִית:

(א) דֶער טַעַם פוּן מִנְהָג וָואס מֶען לֵייגְט נִישְׁט קֵיין טַלִּית בִּיז נָאךְ דֶער חֲתוּנָה וַוייל לֶעבֶּען דֶעם פָּסוּק פוּן גדילים תעשה לך שְׁטֵייט כי יקח איש אִשָּׁה חֲדָשָׁה:

(ב) נָאךְ אֵיין טַעַם שְׁטֵייט אוּנ דֶער גְּמָרָא אַתָּנָא הָאט גֶעזֶעהֶן וִויא אֵיינֶער לֵייגְט נִיט קֵיין טַלִּית אִיבֶּער דֶעם קָאפּ הָאט עֶר גֶעזָאגְט דוּא הָאסְט נָאךְ נִיט חֲתוּנָה גֶעהַאט:

(ג) דֶער טַעַם וָואס מֶען גֵייט דֶעם טַלִּית אִיבֶּער גֶעלֵייגְט אוֹיף דוּא אַקְסְלֶען אוּנ מֶען הִילְט זִיךְ נִישְׁט אַיין אוּנ גַאנְצֶען מִיט דֶעם טַלִּית כְּדֵי עֶס זָאל אוֹיס קוּמֶען צְוֵוייא צִיצִית פוּן פָארֶענְט אוּנ צְוֵוייא פוּן אוּנְטֶען אִיז עֶר אַרוּם גֶערִינְגֶעלְט מִיט מִצְוֹת אָבֶּער אַז עֶר וֶועט זִיךְ אֵיין הִילֶען וֶועלֶען אוֹיס קוּמֶען אַלֶע צִיצִית פוּן פָארֶענְט:

(ד) דֶער טַעַם וָואס מֶען מַאכְט אֵיין עֲטָרָה אוּנ טַלִּית אוֹיף דֶעם אָרְט פוּן קָאפּ כְּדֵי עֶס זָאל אוֹיס קוּמֶען שְׁטֶענְדִיג דוּא זַייט אוֹיף דֶעם קָאפּ. אַזוֹיא וִויא מִיר גֶעפוּנֶען דוּא בְּרֶעטֶער פוּן מִשְׁכָּן אוּנ דוּא יְרִיעוֹת זֶענֶען אוֹיךְ גֶעוֶועזֶען גֶעצֵייכֶענְט כְּדֵי מֶען זָאל וִויסֶען דוּא יְרִיעָה אָדֶער דָאס בְּרֶעט וָואס עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אֵיין מָאהְל אוֹיף דֶער רֶעכְטֶער זַייט זָאל שְׁטֶענְדִיג זַיין אוֹיף דֶער רֶעכְטֶער זַייט. נָאךְ אֵיין פְּשׁוּטֶער טַעַם אִיז אַז דוּרְךְ דֶער עֲטָרָה וָואס זִיא אִיז שְׁוֶועהְר וֶועט זִיךְ דֶער טַלִּית נִישְׁט אַרָאבּ רִיקֶען פוּן קָאפּ:

(ה) דֶער טַעַם אַז מֶען מַאכְט אָהְן דוּא צִיצִית זָאגְט מֶען שויתי ד׳ לנגדי תמיד. וַוייל אוֹת דוּא צִיצִית אִיז דָא דֶער שֵׁם הוי״ה אחד. אוּנ דֶער עֶרְשְׁטֶער חוּלְיָא מַאכְט מֶען זִיבֶּען כְּרִיכוֹת אוּנ דֶער צְוֵוייטֶער אַכְט אִיז י״ה אוּנ דֶער דְרִיטֶער עֶלֶף אִיז ו״ה אוּנ דֶער פֶערְטֶער דְרַייצֶען אִיז הוי״ה אח״ד:

(ו) נָאךְ אֵיין טַעַם כְּדֵי מֶען זָאל נִישְׁט מַסִּיחַ דַּעַת זַיין אוּנ עֶר זָאל אוּנ זִין הָאבֶּען צוּא מַאכֶען דוּא כְּרִיכוֹת אוּנ דוּא חוּלְיוֹת אַזוֹיא וִויא דֶער דִין אִיז וֶועגֶען דֶער מִצְוָה פוּן צִיצִית:

(ז) דֶער טַעַם וָואס מֶען רִיפְט דֶעם לַאנְגֶען פָאדֶעם פוּן צִיצִית שַׁמָּשׁ אַזוֹיא וִויא דֶער קָהָל שַׁמָּשׁ אִיז גֶעמַאכְט אוֹיף דֶעם אַז עֶר זָאל צוּא זַאמֶען נֶעמֶען אַלֶע שְׁטָאט לַייט צוּא יֶעדֶער דבר מצוה אַזוֹיא אוֹיךְ דֶער פָאדֶעם רִינְגֶעלְט אַרוּם אוּנ גֶעמְט צוּא זַאמֶען אַלֶע פֶעדִים דוּרְךְ דֶעם וֶוערְט דָאס אַ מִצְוָה צִיצִית:

(ח) דֶער טַעַם פוּן דוּא וָואס זֶענֶען מְדַקְדֵּק אַז יֶעדֶער פָאדֶעם זָאל זַיין

זיין געדרייט פון אכט פעדים אזוי וועט זיין אונ יעדער ציצה פיר אונ זעכציג פעדים איז בס"ה אונ אללע פיר ציצית צוויא הונדערט זעכס אונ פינפציג פעדים. דאס איז איין רמז אויף דוא כנפי הקודש וואס זייא זענען אויך צוויא הונדערט זעכס אונ פינפציג:

(ט) דער טעם וואס מען בייסט אפ דוא עקין פון דוא ציצית מיט דוא ציין נישט מיט קיין מעסער ווייל דוא ציצית זענען איין הייליגע זאך אונ פסוק שטייט לא תניף עליהם ברזל. דאס מיינט מען אז בייא א הייליגע זאך טארפט דוא נישט אויף הייבען קיין אייזען:

(י) דער טעם פון דעם וואס בשעת מען זאגט דוא פרשה פון ציצית נעמט מען דוא ציצית איבער דוא אויגען אונ מען קישט זייא ווייל עס שטייט אונ פסוק והיו לכם לציצית אונ ציצית איז טייטש קוקען ער זאל זייא אהן קוקען. אונ דאס איז איין סגולה צוא יראת שמים. אויך איז דאס איין סגולה עס זאל שטעללען דעם כעס:

# דער טעם פון א יולדות אונ דוא קינדער:

(א) דער טעם פון דעם מנהג אז דאס ווייב איז א יולדות נאך דעם אז זיא קומט אונ שוהל אריין ריפט מען אויף דעם מאן ער זאל עולה תורה זיין. ווייל דוא אשה איז מחויב צוא לויבען השי"ת ווייל זיא האט בשלום געווינען אונ דער מנהג איז אז בשעת מען איז עולה לתורה אפ צוא געבען איין שבח והודיה מען זאל מפרסם מאכען דאס נס. אונ אז ער זאגט ברכי ד' המבורך גוט ער אפ איין שבח. אונ ווייל איין אשה לערנט נישט אונ דער תורה איבער דעם גוט דער מאן איין שבח פאר איהר:

(ב) נאך איין טעם וואס דיא יולדת גייט אין שוהל אריין אונ שבת ווייל דוא יולדות איז געוועזען אונ איין סכנה דארף זיא צוא מאכען ברכת הגומל אונ דעמאלס ווען דאס בית המקדש איז געשטאנען האט זיא געברענגט איין קרבן יולדות אין היינט וואס דער מאן איז עולה לתורה איז גלייך וויא ברכת הגומל:

(ג) דער טעם וואס מען היט דיא נאכט וואס גיהער צום אכטען טאג מען רופט עס דיא וואך נאכט ווייל. עס שטייט ואתה את בריתי תשמור אז בשעת דעם ברית ברויך צוא זיין שמירה:

(ד) נאך איין טעם וואס עס איז איין מנהג צוא היטען דאס קינד אונ דיא יולדות אונ דער וואך נאכט. ווייל דיא נאכט איז עלול אז דאס קינד זאל ח"ו גיזוק ווערען ווייל דער שטן איז זיך מתכוין ער זאל שלעכטס טאהן. ווייל איהם איז נישט ליב דיא מצוה פון מילה ווייל דורך דער מצוה פון מילה ווערען דוא ישראל גיצול פון גיהנם:

(ה) דער טעם וואס דוא קינדער גייען ק"ש ליינען צוא דער יולדות דוא גאנצע אכט טאג אונ מען טהיילט זייא זיסע שפייזען ווייל דאס קינד איז איבער דער גאנצער צייט אונ איין סכנה אזוי וויא עס ווערט געברענגט אונ זוהר הקדוש. איבער דעם ליינט מען ק"ש מען זאל פאר טרייבען דיא מזיקים אונ דער טעם פון קליינע קינדער ווייל זייא האבען נישט קיין זינד אונ מען טהיילט זייא שפייזען זייא זאללען זיך געוויינען צוא קומען:

(ו) אויך איבער דעם טעם העגנט מען אויף דוא ווענט אונ אויף דער טהיר ווייל

בלעטלעך אונ שטויב פון א יולדות וואס עס שטייט שיר למעלות ווייל עס שטייט ה' ישמרך מכל רע וגו' איז עס איין סגולה עס זאל פאר טרייבען דיא מזיקים:

(ז) דער טעם פון דעם אז ער וויל איין נאמען געבען זיין טאכטער וואס זיא איז איהם געבארען געווארען למז"ט גוט ער איין נאמען שבת בשעת ער איז עולה לתורה. ווייל עס שטייט אונ פסוק מען וועט דיך רופען איין נייעם נאמען אשר פי ד' יקבנו. פי ד' דאס מיינט מען דוא, תורה:

(ח) דער טעם פון דעם אז מען בענטשט דוא קינדער לייגט מען ארויף דוא האנד אויף דעם קאפף פון קינד. ווייל עס שטייט אונ פסוק וישלח ישראל את ידו וגו' יעקב אבינו האט ארויף געלייגט זיין האנד אונ דער נאך שטייט ער האט זייא געבענטשט:

(ט) דער טעם פאר וואס איין ממזר גוט מען איין נאמען בידור, ווייל עס שטייט אונ פסוק כי דור תהפוכות המה:

(י) דער טעם וואס מען רופט איין קינד א טער אדער אלטע בייא דעם וואס האלט זיך נישט קיין קינדער רח"ל. כדי מען זאל פאר הוילען זיין נאמען דער שטן זאל נישט האבען קיין מאכט עהם שלעכטס צוא טוהן:

(יא) דער טעם פון דיים וואס אז דאס קינד הייבט אהן צוא לערנען א"ב פיהרען עס דער פאטער אונ דוא מוטער אונ חדר אריין אונ זייא בעדעקען איהם דאס פנים ער זאל נישט זעהן קיין דבר טמא. ווייל דער טאג ווערט גערעכענט גלייך ער איז מקריב איין קרבן אונ ער ברענגט אריין זיין זוהן אונטער דוא פליגעל פון דער שכינה. איבער דעם מוז מען נזהר זיין איהם אפ צוא היטען פון א דבר טמא, נאך דעם ברענגט מען איין מאזויל פון א"ב אונ דער מלמד לייגט איהם פיר א"ב וכו' אונ דאס קינד זאגט נאך נאך דעם מלמד. נאך דעם לייגט ער פיר תשר"ק אונ דאס קינד זאגט נאך דעם לייגט כען אויף דעם טאוועל א ביקעל האניק אונ דאס קינד עסט פון דעם האניק אזויא וויא עס שטייט אונ פסוק עס ווערט מיינע רייד זיס זיין צום מויל אזויא וויא האניק. אונ עס איז איין סגולה מען זאל פיהרען דאס קינד אונ ער"ח אדער אונ ר"ח סיון ווארען דעם טאג וואס ער ברענגט דאס קינד צום לערנען איז גערעכענט פאר השי"ת אזוי וויא דעם טאג וואס דוא יודעו זענען געשטאנען אונ חורב נאך דעם געגעהענען דוא פאטער אונ מוטער דאס קינד פאר יעדען אלטען מאן כדי זייא זאללען עס בענטשען אז זייא זאללען זוכה זיין עס מגדל צוא זיין לתורה ולחופה ולמעשים טובים:

(יב) דער טעם פון דעם וואס דאס קינד הייבט אהן צוא לערנען ויקרא אונ מען מאכט איין סעודה אונ דאס קינד זאגט איי דרשה אונ יעדער בענטשט דאס קינד. ווייל עס ווערט גערעכענט אונ מדרש אזוי וויא דוא קרבנות זענען ריין אזויא זענען דוא קינדער ריין פון זינד זאללען קומען ריינע אונ זאללען לערנען אונ ריינעם, אונ דער כהן וואס האט דאס ערשטע מאהל מקריב געוועזען האט געמאכט איין סעודה פאר זיינע ברודער אונ גוטע פריינד:

(יג) נאך איין טעם וואס מען הייבט אהן צוא לערנען מיט קינדער

נִיקְרָא ווייל דוא אליף פון נִיקְרָא איז קְלֵיין איז דָאס איין רֶמֶז אז מיט קְלֵיינֶע קינְדֶער הייבט מען אָהן דָא צוא לֶערְנֶען:

## דֶער טַעַם פון דוא מִנְהָגִים בייא דֶער סְעוּדָה אונ ביא דֶעם וויין:

(א) דֶער טַעַם פון דֶעם וָואס אז מֶען טְרִינְקְט אֵיין כּוס אונ אז עֶס בְּלַייבְּט אִיבֶּער אונ דֶעם כּוס אַבִּיסֶעל כּשִׁיעוּר גיסט מֶען צוא אבּיסעל פון פְלֶעשֶׁעל אונ דֶער נָאךְ גִיסְט מֶען צוּרִיק. ווייל דָאס וָואס מען טְרִינְקְט פון כּוס וֶוערְט דוא רֶעשְׁטֶע וָואס עֶס בְּלַייבְּט אִיבֶּער אונ כּוס פָּגוּם אונ מֶען טָאהר נִישְׁט מַאכֶען קיין בְּרָכָה צוא אַ דבר מצוה פון דֶער מַשְׁקֶה. אִיבֶּער דֶעם אַז עֶר וֶועט דָאס צוּרִיק גִיסֶען אונ פֶעשֶׁעל אַריין וֶועט. עֶר מַאכֶען אונ גַאנְצֶען פון כְּלֶעשֶׁעל פגום אִיבֶּער דֶעם גיסט מֶען אַבִּיסֶעל צוּרִיק אונ כּוס אריין מיט דֶעם פַאר רֶעבְט. עֶר דֶעם פְּגַם אונ עֶס איז אונ גַאנְצֶען שוין ראוי לִבְרָכָה:

(ב) דֶער טַעַם וָואס מֶען צֵייכֶענְט מִילֶעבְדִיקֶע כֵּלִים נִשְׁט קיין פְלֵיישִׁיגֶע ווייל עֶס שַׁייט ובחריצי החלב:

(ג) דֶער טַעַם וָואס בייא יֶעדֶען עֶסֶען גוט מֶען זַאלְץ ווייל עֶס שְׁטֵייט על כל קרבנך תקריב מלח בייא יֶעדֶען קָרְבָּן זָאל מֶען מַקְרִיב זיין זַאלְץ אונ דֶער טִישׁ איז גְלַייךְ צוא אֵיין מִזְבֵּחַ אונ דָאס עֶסֶען צוא אֵיין קָרְבָּן אִיבֶּער דֶעם מוז זיין זַאלְץ בייא יֶעדֶען טִישׁ:

(ד) דֶער טַעַם פון דֶעם וָואס מֶען מַכְט אֵיין סעודה אַז דָאס קִינְד וֶוערְט אֵיין בַר עוֹנְשִׁין וֶוען עֶר וֶוערְט אַלְט דְרַייצֶען יָאהְר. ווייל עֶר וֶוערְט דֶעמָאלְט אֵיין גַאנְצֶער מֶענְשׁ עֶר גייט אַרוֹיס פון פָאטֶערְס רְשׁוּת אונ. אִיבֶּער דֶעם זָאגְט עֶר אֵיין דרשה עֶס זָאל הייסֶען אֵיין סְעוּדַת מצוה:

(ה) דֶער טַעַם וָואס אז מֶען צוא שְׁנַייט צִיבֶּעלִים שְׁנַייט מֶען אונ דֶער זַייט נִישְׁט פון קִיפּוּף ווייל אונ צִיבֶּעלִים איז דָא אֵיין גִיפְט צוא שְׁנַייט מֶען אין דֶער זַייט כְּדֵי דֶער גִיפְט זָאל אַרוֹיס גֵיין:

(ו) דֶער טַעַם וָואס מֶען לָאזְט אִיבֶּער שִׁירַיִים פון יֶעדֶען עֶסֶען. עֶס איז גְלַייךְ צוא פֵּאָה וָואס מֶען איז מְחוּיָב אִיבֶּער צוא לָאזֶען אונ עֶק פֶעלְד אויךְ עֶס זָאל הָאבֶּען דוא בְּרָכָה אוֹיף וָואס חָל צוא זיין:

## דֶער טַעַם פון פֶּסַח שָׁבוּעוֹת סוכות הו״ר שמ״ע ש״ת:

א) דֶער טַעַם וָואס מֶען זָאגְט נִישְׁט לכה דודי אַז עֶס גֶעפַאלְט יו״ט אונ שַׁבָּת ווייל עֶס איז אֵיין שָׁאנְד פַאר יו״ט אַז מֶען זָאגְט פְּנֵי שַׁבָּת נְקַבְּלָה:

(ב) נָאךְ אֵיין טַעַם וָואס מֶען זָאגְט נִישְׁט בַּמֶּה מַדְלִיקִין אונ יו״ט אַז עֶס גֶעפַאלְט אונ שַׁבָּת. ווייל מֶען קֶען נִישְׁט זָאגֶען עשרתם ערבתם ווייל מֶען טָאהר נִישְׁט נֶעמֶען קיין מַעֲשֵׂר אונ קיין עֵרוּב אונ יו״ט:

(ג) דֶער טַעַם פון דֶעם מִנְהָג וָואס דְרַייא מָאהְל אונ יָאהְר עֶסְט מֶען

קרעפלעך

קְרֶעפְּלֶעךְ פּוּרִים עיוה״כ הוֹשַׁעְנָא רַבָּא. וַוייל דוא טָעג זֶענֶען אַזוֹי וִויא יו״ט מ״ט עֶסֶען אוּנ טְרוּנְקֶען אָבֶּער קֵיין יו״ט אִיז עֶס נִישְׁט מֶען מָעג טוּהְן אֵיין מְלָאכָה אוּנ דוא טָעג אוּנ מֶען מֶעג הַאנְדְלֶען אִיז דֶער יו״ט בֶּעהַאלְטֶען אוּנ דָאס וֵוייסְט מֶען אַז עֶס שְׁטֵייט ושׂמחת בחגךָ דרשׂנן אוּנְזֶערֶע הֵיילִיגֶע חֲכָמִים אַז עֶס אִיז נִישְׁט דָא קֵיין שׂמחה נָאר מִיט פְלֵייש אִיבֶּער דֶעם אוּנ דוא דְרַייא טֶעג הֵייסְט עֶס נִישְׁט קֵיין חַג קוּמְט צוּא בֶּעהַאלְטֶען דָאס פְלֵייש וָואס מֶען עֶסְט מַאכְט מֶען קְרֶעפְּלֶעךְ וָואס פוּן אוֹיוֶוען אִיז טֵייג אוּנ דֶער מִיט אִיז פְלֵייש:

(ד) דֶער טַעַם וָואס עֶס אִיז בַּייא יוּדֶען אַיין מִנְהָג אַז מֶען בַּאקְט מַצוֹת וִוינְטְשֶׁען אָהְן דוא שְׁכֵנִים אוּנ דוא קְרוֹבִים אַז עֶר זָאל דֶער לֶעבֶּען אִיבֶּער אַ יָאהְר. עֶס וֶוערְט נֶעבְּרֶענְגְט אוּנ מִדְרָשׁ תַּנְחוּמָא בְּשַׁעַת מֶען הָאט גֶעבְּרֶענְגְט בִּיכּוּרִים אִיז אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען אַיין בַּת קוֹל אִיהְר זָאלְט זוֹכֶה זַיין אִיבֶּער אַ יָאהְר וִוידֶער צוּא בְּרֶענְגֶען בִּיכּוּרִים:

(ה) דֶער טַעַם פוּן דֶעם מִנְהָג וָואס מֶען עֶסְט עֶרֶב פֶּסַח מִילֶעךְ. וַוייל מִילֶעךְ מַאכְט שְׁוֶועהְר דֶעם גוּף אוּנ עֶס בְּרֶענְגְט שְׁלָאף וֶועט מֶען זִיךְ אוֹיס שְׁלָאפֶען בַּייא טָאג כְּדֵי מֶען זָאל קֶענֶען בַּייא נַאכְט צוּם סֵדֶר זַיין וַואכֶעדִיג:

(ו) דֶער טַעַם וָואס מֶען הָאט גֶעמַאכְט סִימָנִים אוֹיף דֶעם סֵדֶר. קדשׁ ורחץ כרפּס וכו׳. וַוייל פַאר צַייטֶענְס אִיז נִישְׁט גֶעוֶועזֶען קֵיין דְרוּק הָאט מֶען אַלֶעס גֶעמוּזְט אוֹיסֶענְוֶוייניג הָאבֶּען בְּזִכָּרוֹן הָאט מֶען גֶעמַאכְט דוא סִימָנִים כְּדֵי דוּרְךְ דוא סִימָנִים קֶען מֶען שׁוֹין וִויסֶען דֶעם גַאנְצֶען סֵדֶר:

(ז דֶער טַעַם וָואס מֶען וִויקֶעלְט אַיין דוא מַצוֹת אוּנ אַיין טוּךְ וַוייל עֶס שְׁטֵייט אוּנ פָּסוּק משׁארותם צרורות בשׂמלותם דָאס הֵייסְט זֵייא הָאבֶּען אַיין גֶעווִיקֶעלְט זֵייעֶר טֵייג אוּנ זֵייעֶרֶע קְלֵיידֶער:

(ח) דֶער טַעַם וָואס מֶען וִויקֶעלְט אַיין טוּךְ צְוִוישֶׁען יֶעדֶער מַצָּה. וַוייל יֶעדֶער מַצָּה אִיז אַיין בֶּעזוּנְדֶערֶע מִצְוָה אִיבֶּער דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶע מַצָּה מַאכְט מֶען על אכילת מַצָּה אוֹיף דֶער מִיטֶעלְסְטֶע מַאכְט מֶען הַמּוֹצִיא דוא אוּנְטֶערְשְׁטֶע וִויקֶעלְט מֶען אַיין מַצָּה אוּנ מָרוֹר אוּנ מֶען עֶסְט צוּא זַאמֶען. אִיבֶּער דֶעם מַאכְט מֶען אַיין צְוִוישֶׁען שֵׁייד פוּן אֵיינֶע צְוִוישֶׁען דֶער אַנְדֶערֶע:

(ט) דֶער טַעַם וָואס מֶען מַאכְט חֲרוֹסֶת פוּן דוא פֵּירוֹת. עֶפִּיל צִימְרוּנְג אוּנְגְבֶּער בַּארְנֶעס נִיס. וַוייל עֶס שְׁטֵייט ובחרושׂת ע״ץ ובחרושׂת אב״ן ר״ת פוּן דֶעם זֶענֶען דוא פֵּירוֹת:

(י) דֶער טַעַם פוּן דֶעם מִנְהָג וָואס מֶען גֶעמְט חַלָּה פוּן דוא מַצוֹת עֶרֶב פֶּסַח בשׁעת מֶען פַאר בְּרֶענְט דָאס חָמֵץ. אוּנ דֶער דִין אִיז אַז מֶען מוּז נֶעמֶען חַלָּה וֶוען עֶס אִיז נָאךְ טֵייג נָאר פַאר צַייטֶענְס הָאט זִיךְ יֶעדֶער אַיינְצִינֶער גֶעבַּאקֶען מַצוֹת בַּייא זִיךְ אוּנ דֶער הֵיים אִיבֶּער דֶעם הָאט מֶען גֶעבַּאקֶען קְלֵיינֶע טֵיינְלֶעךְ כְּדֵי זֵייא זָאלֶען נִישְׁט קוּמֶען צוּא קֵיין חָמֵץ אִיז אוּנ דֶעם טֵייג נִישְׁט גֶעוֶועזֶען כְּשִׁיעוּר חַלָּה אִיבֶּער דֶעם הָאט מֶען גֶענוּמֶען חַלָּה נָאךְ דֶעם בַּאקֶען מֶען הָאט צוּא זַאמֶען גֶענוּמֶען דוא מַצוֹת אוּנ אַ קוֹיבֶּער דוּרְךְ דֶעם וָואס דֶער קוֹיבֶּער הָאט זֵייא מְצָרֵף גֶעוֶועזֶען זֶענֶען זֵייא מְחוּיָב גֶעוָוארֶען חַלָּה. אוּנ מֶען פְרֶעגְט שְׁטֶענְדִיג בַּאקֶען

דוא

דוא מַצוֹת אוּנ עֶרֶב פֶּסַח אִיז שׁוֹין גֶעבְּלִיבֶּען דֶער מִנְהָג צוּא גֶעמֶען חַלָּה עֶרֶב פֶּסַח פוּן מַצוֹת:

(יא) דֶער טַעַם פוּן דֶעם מִנְהָג וָואס דוא קִינְדֶער חַאפֶּען אַוֶועק דֶעם אַפִּיקוֹמָן פֶּסַח בַּייא נַאכְט. כְּדֵי מֶען זָאל זַייא צוּא זָאגֶען אַיין מַתָּנָה פַאר דֶעם. חַייל אוּנְזֶערֶע הֵיילִיגֶע חֲכָמִים זָאגֶען אַז מֶען טהֵיילְט נִיס דוא קִינְדֶער עֶרֶב פֶּסַח פַאר נַאכְט כְּדֵי זַייא זָאלְלֶען נִישְׁט שְׁלָאפֶען בַּייא דֶעם סֵדֶר אִיבֶּער דֶעם זֶעלְבֶּען טַעַם חַאפְּט מֶען אוֹיס דוא מַצוֹת כְּדֵי דוא קִינְדֶער זָאלְלֶען נִישְׁט שְׁלָאפֶען:

(יב) דֶער טַעַם פוּן דֶעם וָואס אַלֶלֶע יו"ט אַז עֶס גֶעפַאלְט אוּנ שַׁבָּת אִיז מֶען מְשַׁנֶּה דֶעם סֵדֶר פוּן מַעֲרָבוֹת. אָבֶּער אוּנ פֶּסַח אַז עֶס גֶעפַאלְט אוּנ שַׁבָּת אִיז מֶען נִישְׁט מְשַׁנֶּה דֶעם סֵדֶר. וַוייל אוּנ דֶעם מַעֲרָבוֹת פוּן דֶער צְוֵוייטֶער נַאכְט שְׁטֵייט עֶרְמַאנְט פוּן דֶער סְפִירָה קֶען מֶען נִישְׁט פַאר עֶנְדֶערְן דֶער סֵדֶר מֶען זָאל דָאס זָאגֶען דוא עֶרְשְׁטֶע נַאכְט:

(יג) דֶער טַעַם וָואס אוּנ שַׁבָּת פוּן חוה"מ פֶּסַח לָאזְט מֶען אוֹיס אוּנ דֶער הַפְטוֹרָה מְקַדֵּשׁ הַשַּׁבָּת עֶס וֶוערְט גָאהר נִיט גֶעדַאכְט פוּן יו"ט וַוייל דֶער עִיקָר הַפְטוֹרָה אִיז נָאר דוּרְךְ דֶעם שַׁבָּת אוּנ חוה"מ נִישְׁט שַׁבָּת אִיז נִישְׁט דָא קֵיין הַפְטוֹרָה אָבֶּער חוהמ"ס וַוייל מֶען גֶעמְט אַרוֹיס גָאךְ אֵיין סֵפֶר צוּא לֵיב חוה"מ אִיבֶּער דֶעם לָאזְט מֶען אוֹיס מקדש ישראל והזמנים:

(יד) דֶער טַעַם וָואס מֶען רִיפְט דָאס שְׁטִיקְעל פְלֵייש וָואס מֶען לֵייגְט צוּם סֵדֶר זְרוֹעַ וַוייל עֶס שְׁטֵייט אוּנ פָּסוּק בזרוע נטויה:

(טו) דֶער טַעַם וָואס מֶען גִיסְט אָהִין דֶעם פִינְפְטֶען כּוֹס אוּנ מֶען רִיפְט אִיהְם כּוֹס שֶׁל אליהו. וַוייל עֶס אִיז דָא אֵיין פְּלוּגְתָּא אוּנ דֶער גְמָרָא צוּא מֶען דַארְף פִיר כּוֹסוֹת צוּא פִינְף אִיבֶּער דֶעם טְרִינְקְט מֶען נָאר פִיר אוּנ דֶעם פוּנְפְטֶען לָאזְט מֶען שְׁטֵיין בִּיז אליהו וָועט קוּמֶען וָועט מֶען וִויסֶען וִויא אַזוֹיא דוא הלכה בְּלֵייבְּט אִיבֶּער דֶעם רִיפְט מֶען דֶעם כּוֹס שֶׁל אליהו:

(טז) דֶער טַעַם פוּן דֶעם אַז מֶען הַאלְט בַּייא והיא שֶׁעָמְדָה נֶעמְט מֶען דֶעם כּוֹס אוּנ דֶער הָאנְד אַרֵיין. וַוייל עֶס שְׁטֵייט אוּנ דֶער גְמָרָא אַז אַ תַּנָא הָאט גֶעזָאגְט אִיךְ קֶען לוֹיז מַאכֶען דוא גַאנְצֶע וֶועלְט פוּן דִין. צַייט דָאס בֵּית הַמִּקְדָּשׁ אִיז חָרֵב גֶעוָוארֶען. וַוייל עֶס שְׁטֵייט שכּורת ולא מיין דָאס מֵיינְט מֶען הַיינְט הָאט מֶען אֵיין דִין וִויא אֵיין שִׁיכּוֹר חָאטְשׁ מֶען טְרִינְקְט נִישְׁט קֵיין וַויין אוּנ אַ שִׁיכּוֹר אִיז פָּטוּר פוּן אַלֶלֶע מִצְוֹת פוּן דֶער תּוֹרָה אִיבֶּער דֶעם הַאלְט מֶען דֶעם כּוֹס מֶען וַוייזְט אַז דוּרְךְ דֶעם גָלוּת אִיז אוּנְז הקב"ה מוֹחֵל אוּנְזֶערֶע זִינְד מִיט דֶעם וָואס מִיר קֶענֶען אִיהְם נִישְׁט דִינֶען אַזוֹי וִויא מֶען בְּרוֹיךְ:

(יז) דֶער טַעַם וָואס מֶען עֶפִינְט דִיא טְהִיר בַּייא שְׁפוֹךְ חֲמָתְךָ. מִיר וַוייזֶען מִיט דֶעם אַז מִיר גְלֵייבִּין אַז דִיא נַאכְט אִיז לֵיל שִׁמּוּרִים וִיא אִיז אָבּ גֶעהִיטֶען פוּן מַזִּיקִים אוּנ מֶען עֶפִינְט דִיא טְהִיר אוּנ מִיר פַארזִיכֶערִין זִיךְ אִין השי"ת אַז עֶר וֶועט אוּנְז אָב הִיטֶען:

(יח) דֶער טַעַם וָואס מֶען עֶסְט אֵייעֶר דוא נַאכְט פוּן פֶּסַח וַוייל מֶען מַאכְט אֵיין זֵכֶר לְחֻרְבָּן אַזוֹיא וִויא עֶס שְׁטֵייט אוּנ פָּסוּק אם לא אעלה את ירושלים על ראש שמחתי דָאס מֵיינְט מֶען אֲפִילוּ בַּייא אֵיין שִׂמְחָה

דארף

דארף אויך צוא ערמאנען זיך אונ חרבן ביהמ״ק נאך איין טעם ווייל אנ דער נאכט פון פסח האט מען קובע געוועזען ט׳ באב:

(יט) נאך איין טעם וואס מען גיסט אהן דעם פינפטען כוס אונ מען רופט איהם אליהו׳ס כוס, ווייל אונזערע היילינע חכמים זאגין דיא פיר כוסות זענען קיינען דוא פיר לשונות פון גאולה וואס שטייען אונ פסוק. והוצאתי. ונאלתי. והצלתי. ולקחתי. אז מיר וועלען אריין קלערען איז דא נאך איין פסוק מיט דעם לשון פון גאולה והבאתי אתכם וגו׳ אל הארץ וואס דער פסוק איז געשטעלט אויף דער לעצטער גאולה וואס זיא וועט זיין דורך אליהו הנביא ז״ל ער וועט זיין דער לעצטער אוים לייזער אונ דוא נאכט הייסט ליל שימורים וואס דוא אנדערע האלבע נאכט איז געבליבען אויף דער לעצטער גאולה. ע״כ מאכט מען דאס אויף איין זכר אז אליהו הנביא וועט קומען אונז אוים לייזען בקרוב בימינו:

## דער טעם פון דוא מנהגים פון שבועות:

(א) דער טעם וואס מען לייגט אונ שבועות רות ווייל דוד המלך ע״ה איז נפטר געווארען אונ שבועות אונ דוא צדיקים אונ דעם טאג וואס זייא ווערען געבארען אונ דיים טאג שטארבען זייא. איז דהע״ה געבארען געווארען אונ שבועות איבער דעם געדענקט מען אונ שבועות זיין יחוס:

(ב) נאך איין טעם וואס מען לייגט רות אונ שבועות ווייל פאר מתן תורה איז געוועזען בייא דוא יודען זיבען מצות אונ בייא מתן תורה האט מען זייא צוא געגעבען זעכס הונדערט אונ זעכס מצות אזויא וויא רות געמרעכט איז ס״ה תרי״ג מצות:

(ג) דער טעם וואס דער יו״ט ווערט גערופען שבועות אדרבא דער יו״ט איז נאך דוא זיבען וואכען וואס מען ציילט ספירה. נאר ווייל בייא מתן תורה האט הקב״ה געשווארען ער זאל אונז נישט איבער בייטען אויף קיין אנדערע אומה אונ מיר האבען געשווארען מיר זאל נישט איבער בייטען הקב״ה אויף קיין אנדערען גאט. איבער דעם ווערט דער יו״ט אהן גערופען שבועות:

ד) דער טעם וואס מען שטעלט ביימער מיט גרעזער אונ שבועות עס איז איין זכר צוא מתן תורה וואס עס איז געוועזען אויף דעם בארג וואס ער איז געוועזען פוהל מיט גרעזער אונ ביימער:

(ה) דער טעם פון מנהג וואס מען עסט אונ שבועות פריר מילכענע מאכלים אונ דער נאך פליישיגע. מיר ווייזען אז מיר טוהן ניכט אזויא וויא דוא מלאכים וואס זייא האבען געגעסען פלייש מיט מילך בשעת זייא זענען געקומען צוא אברהם אבינו איבער דעם איז ראוי אונז צוא געבען דוא תורה. אזויא אויך האט מען געגעבען אונזערע עלטערען דוא תורה איבער דעם טעם:

(ו) נאך איין טעם וואס מען עסט אונ שבועות מילכיגם ווייל עס שטייט אונ שולחן ערוך אז בייא יעדער גמר מצוה דארף מען צוא מאכען איין סעודה אונ שבועות איז דער גמר פון דער מצוה ספירת העומר

מאכט מען איין סעודה מיט מילכיגס כדי עס זאל זיין אונ היכר ווייל פליש ווערט ניכט זיין קיין היכר ווייל פלייש עסט מען לכבוד שמחת יו"ט:

(ז) נאך איין טעם ווייל עס שטייט 'מנחה 'חרשה 'לה' 'בשבעותיכם זענען דיא ר"ת פון דעם פסוק מחל"ב:

(ח) נאך איין טעם ווייל עס שטייט דבש וחלב תחת לשונך דאס גייט אויף דער תורה וואס זיא איז גיגליכן צוא האניג אונ מילך:

(ט) נאך איין טעם וואס מען עסט שבועות מילכיגס ווייל פאר מתן תורה האבען זייא גיקאנט עסן פלייש אהן שחיטה. אונ אז מען האט גיגעבען דיא תורה דיא ישראל אונ שבועות האט מען זייא גיבאטן אויף שחיטה זענען זייא טריפה גיווארען אלע כלים וואס זייא האבען גינוצט ביז מתן תורה אונ כשרן אהן יו"ט טאהר מען גישט ע"כ האבן זייא גינוצט עסן נאר מילכיגע מאכלים:

## דער טעם פון דיא מנהגים פון סוכות:

(א) דער טעם וואס מען לייענט קהלת חוה"מ סוכות ווייל דער יו"ט פון סוכות איז טעג פון שמחה מעהר וויא אלע יו"ט ווייל עס איז איין גיזאמלט גיווארין אלע תבואות אהיים. אויך ווערט גיברענגט אין דיא היילגע ספרים וויא גרויס דיא שמחה איז גיוועזען בשעת דאס ביהמ"ק איז גישטאנען דיא שמחת בית השואבה בשעת מען האט מנסך גיוועזען וואסער אויף דעם מזבח אונ דורך דער גרויסער שמחה קען ער פאר געסען משכח צוא זיין זיך נאר אויף א שמחה של מצוה. איבער דעם לייענט מען קהלת אונ קהלת שטייט ולשמחה מה זו עושה אונ סוף קהלת לייענט מען סוף דבר הכול נשמע את האלהים ירא ואת מצוותיו שמור דערמאנט מען דורט אז ער זאל אויף זיך מקבל זיין יראת שמים:

(ב) איין טעם וואס מען מאכט איין זכר דיא כוכה אויף דיא ענני הכבוד אבער אויף אנדערע זאכען וואס זייא האבען גיהאט דארט מאכט מען נישט קיין זכר דהיינו דער מן דיא ברונע ווייל דיא ענני הכבוד האט מען זייא געגעבען תיכף אזויא וויא זייא זענען ארויס גיגאנגען פון מצרים אונ ביא יציאות מצרים שטייט אז מען דארף שטענדיג צוא גידענקען. איבער דעם מאכט מען סוכות איין זכר אויף דיא ענני הכבוד ווייל דאס דארף האבען איין זכר אזויא וויא יציאת מצרים. אבער דער מן אונ דיא ברונע איז זייא שפעטער גיגעבען גיווארען דרויף מען נישט מאכען איין זכר:

(ג) נאך איין טעם וואס מען מאכט איין זכר נאר דיא ענני הכבוד נישט דיא אנדערע זאכען ווייל דאס איז בעוויסט אז אונ דעם מן איז גיוועזען איין טעם פון פערשידענע מאכלים אויך אונ דעם וואסער האט מען גישפירט איין טעם פון פערשידענע משקאות אונ יו"ט פון סוכות עסט מען פערשידענע מאכלים אונ אויך משקאות ממילא שפירט מען דעם טעם פון מן אונ דיא באר איז דאס שוין איין זכר:

(ד) נאך איין טעם ווייל דער מן אונ דיא באר איז דאס נישט גיוועזען קיין איבעריגע טובה ווייל איין מענטש מוז דאס האבען. אהן ברויט אונ

און אהן וואסער קען מען נישט לעבען איבער דעם מאכט מען נישט קיין זכר אבער דוא ענני הכבוד וואס הקב"ה האט ער בעוויזען איין גרויסע ליבשאפט איבער דעם מאכט מען איין זכר אויף דעם גם :

(ה) דער טעם וואס און הושענא רבא פלעגט מען אויף דוא פלעכטלעך פון לולב כדי מען זאל ווייזען אז היינט איז דוא מצוה נאר מדרבנן וועט זיין א היכר :

(ו) נאך איין טעם וויל און דער תורה שטייט כפות תמרים. און פון דעם פסוק לערינט מען אפ אז דער לולב דארף קומען געבינדען און כפת שטייט אהן א וא"ו פון דעם לערינט מען אפ אז נאר זעכס טאג דא"ף קומען דער לולב געבינדען און דער זיבעטער טאג דארף נישט קומען געבינדען :

(ז) דער טעם וואס מען איז זיך נוהג מיט צוא ברענגען און ש"ת אללע קינדער און שוהל אריין. מען מאכט איין זכר דעמאלט ווען דאס ביהמ"ק איז געשטאנען האבין זיך איין געזאמילט דעם לעצטען טאג יו"ט און ביהמ"ק אריין ווייבער און קינדער מען זאל הערען פון מלך בשעת ער האט געלייענט דוא משנה תורה :

(ח) דער טעם וואס מען לייענט און שמחת תורה וזאת הברכה נישט און שבת וויל שלמה המלך ע"ה האט געענטפערט דוא יודען און לעצטען טאג יו"ט איבער דעם לייענען מיר און לעצטען טאג יו"ט וזאת הברכה דארט געפונען זיך דוא ברכות וואס משה רבינו ע"ה האט געבענטשט דוא ישראל :

(ט) דער טעם פון דעם וואס מען הייבט אהן תיכף צוא לייענען בראשית אזוי ווי מען לאזט אויס וזאת הברכה. וויל אזוי ווי מען לאזט אויס דוא תורה קומט צוא גיין דער שטן און איז מקטרג אויף דוא ישראל אז זייא זעען נישט גומר דוא תורה און ווען זייא זענען שוין גומר זאגט הקב"ה צום שטן אז דוא ישראל האבען שוין גומר געוועזען דוא תורה זאגט דער שטן אמת זייא האבען אויס געלאזט דוא תורה אבער אהן געהויבען האבען זייא נישט. און אז דוא ישראל הייבען אהן ספר בראשית זאגט הקב"ה צוא דעם שטן זעה אז זייא האבען שוין אהן געהויבען דוא תורה קען שוין דער שטן מעהר נישט מקטרג זיין :

(י) נאך איין טעם וויל עס שטייט און מדרש אז דוא ישראל זענען געקומען קיין ירושלים און זייא זענען געשטאנען פאר דעם ארון האט שלמה המלך ע"ה געמאכט איין סעודה פאר אללע זיינע קנעכט זאגט ר"י פון דאנען לערנען מיר אפ אז מען לערינט אויס דוא תורה מאכט מען איין סעודה און אז מען איז גומר דוא תורה דארף מען זיא תיכף אהן צוא הייבען כדי מען זאל ווייזען אז תורה האט נישט קיין הפסק און איין אויסלאז :

(יא) דער טעם וואס דער וואס הייבט אהן דוא תורה רופט מען חתן בראשית וויל ער לאזט זיך קאסטען פוהל געלט פאר דעם ער זאל צום ערשטען אהן הייבען דוא תורה און ער זאל האבען א זכיה משך צוא זיין זיך מיט דער תורה אזוי ווי איין חתן גוט פיהל

געטאנקן ווע' ע' טוט איין שידוך מיט איין אשה איבער דעם ווערט ער אהן גערופען חתן תורה:

## דוא טעמים אונ דוא מנהגים פון דוא כהנים:

(א) דער טעם וואס דוא כהנים דוכענען נ״ש״ז גאר אונ יו״ט אבער נישט אונ שבת. ווייל אונ דער וואכען איז מען טרויר אונ דאגת פרנסה אויך אונ שבת איז מען פאר זארגט וועגען פרנסה איבער דעם דוכענט מען נישט גאר אונ יו״ט וועןן עס איז א זמן שמחה כדי זייא זאלען בענטשען מיט א גאנץ הארץ:

(ב) דער טעם וואס דוא כהנים הייבען אויף דוא הענט אונ זייא מאכען פינף אוירים בשעת דעם דוכענען. ווייל עס שטייט אונ מדרש נש״א משגיח מן החלונות מציץ מן החרכים. אז השי״ת קוקט אויף דוא ישראל דארך דוא לעכער! דיא ה״א פון חחרכים איז פינף לעכער:

(ג) דער טעם וואס מען טאהר נישט קוקען אויף דוא כהנים בשעת דוכענען ווייל דוא שכינה רוהט אויף זייערע הענט:

(ד) נאך איין טעם וואס מען טאהר נישט קוקען אויף דוא הענד פון דוא כהנים כדי מען זאל אונ זון האבען דוא ברכת כהנים:

(ה) נאך איין טעם איז כדי דוא כהנים וואס זענען בעלי מלאכות אונ זייא א ען געפארבטע הענד זאלען אויך קענען אויף גיין צום דוכענען. איבער דעם איינגעם טעם לייגען דוא כהנים איבער דעם טלית אויף דעם קאפף אונ אויף דוא הענד כדי מען זאל נ״ש ארוים זעהן דוא הענד:

(ו) דער טעם וואס דוא כהנים בוהין אוים דוא שוך בשעת דעם דוכענען ווייל דארט וויא דוא שכינה בעווייזט זיך טאהר מען נישט גיין אונ שוך אזויא וויא עס שטייט בייא יהושע דער מלאך האט איהם געזאגט שלעפ אראפ דוא שוך פון דיינע פוס ווייל דאס ארט וואס דוא שטייסט איז הייליג אזויא אויך דוא כהנים האבען אוים געטאהן דוא שוך פון זייערע פוס בשעת זייא האבען געטאהן דוא עבודה:

ז) דער טעם פון דעם וואס מען זאגט יישר כח דוא כהנים בשעת זייא גייען אראפ פון דער בימה פון דוכענען זייא זענען דאך מחויב צוא בענטשען דוא ישראל אזויא וויא עס שטייט אונ פסוק כה תברכו וגו׳! גאר מיר דארפען זייא מחזיק טובה צוא זיין חאטש זייא זענען מחויב צוא בענטשען זייא קענען דאך מקיים זיין דוא מ״ע אונ צוא בענטשען אויף איין אנדער ארט איבער דעם גוט מען זייא א יישר כח:

(ח) דער טעם וואס דער חזן לייגט פאהר דוא כהנים יעדער ווארט. ווייל עס שטייט כה תברכו וגו׳ אמור להם ברענגט דער תרגום אמור שטייט מיט א וא״ו מיינט מען אז מען זאל זייא פאהר לייגען מלה במלה:

## דוא טעמים אונ דוא מנהגים פון לערנען:

(א) דער טעם פון דעם מנהג אז איינער לערינט אונ ער גייט ארוים אונ

אונ מיט לערנען לאזט ער נישט דאס ספר אויפען נאר ער מאכט עס צוא אדער ער לייגט ארויף עפיס צוא צוא דעקען דען מען טאהר נישט לאזען קיין ספר אויפען ווייל עס איז איין בזיון פאר דעם ספר טאמער וועט ארויף פאלען איין מיאוסע זאך . אונ ספר חסידים ווערט געברענגט אז עס איז איין סכנה צוא לאזען איין ספר אויפען :

## דוא טעמים פון דוא מנהגים אונ דער מזוזה :

(א) דער טעם וואס אויף דער מזוזה שטייט פון אויווען שדי . ווייל עס שטייט אונ פסוק והיה שדי בצריך דאס איז טייטש אז דער שם שדי זאל זיין אונ דיין טוהר איבער דעם שטעלט מען שדי א קעגען והיה אונ דאס איז איין סגולה צוא פרנסה :

(ב) דער טעם וואס מען שטעלט אריין דוא מזוזה אונ איין גלאז ווייל אונ דער מזוזה אליין טאהר מען נישט אהן ריהרען אזויא וויא אונ א ספר תורה אונ אז מען וועט זיא איין וויקלען אונ איין פאפיער וועט מען נישט ארויס. זעהן דעם שם וואס מען דארף ארויס זעהן פון אויסענווייניג איבער דעם נעמט מען זיא אונ א גלאז :

(ג) דער טעם וואס מען שלאגט אהן דוא מזוזה אונ אלכסון ווייל אונ דער גמרא איז דא איין פלוגתא וויא אזויא דוא מזוזה דארף קומען איינער זאגט אז דוא מזוזה קומט ליגעדיק אונ איינער זאגט שטייענדיג שלאגט מען זיא אהן איין אלכסון אזויא איז מען יוצא אללע דיעות :

(ד) דער טעם פון דעם אז מען קומט אונ שטוב אריין קישט מען דוא מזוזה אונ אז מען גייט אוועק פון שטוב קישט מען דוא מזוזה . ווייל עס ווערט געברענגט אונ מסכת ע"ז א מלך ב"ו היטען איהם זיינע קנעכט פון דרויסען אונ ער זיצט אינווייניג אבער הקב"ה זיצען דוא קנעכט אונ דוא שטוב אונ הקב"ה היט זייא פון דרויסען דאס מיינט מען דוא מזוזה וואס זיא קומט פון דרויסען. ווידער שטייט דארט אז ער זעהט דוא מזוזה זיא קומט אהן געשלאגען אונ דער טוהר לייגט ער ארויף דוא הענד אויף איהר אונ קישט זיא :

(ה) דער טעם פון דעם אז עס איז איין מגפה ר"ל איז מען בודק דוא מזוזות ווייל עס ווערט געברענגט אונ דער גמרא אז דורך דוא זינד פון דוא מזוזות שטארבען קליינע קינדער ר"ל :

## דוא טעמים פון משה רבינו ע"ה :

(א) דער טעם וואס משה רבינו ווערט נישט געדענקט אונ גאנץ פרשת תצוה ווייל משה רבינו האט געזאגט מחני נא מספרך אשר כתבת אונ דער דיבור פון א צדיק מאכט איין רושם איבער דעם שטייט נישט זיין נאמען אין דער פרשה ווייל משה רבינו איז געשטארבען אין ז' אדר אונ שטענדיג געפאלט ז' אדר אין פרשת תצוה :

(ב) נאך איין טעם וואס עס שטייט נישט זיין נאמען ווייל אונ דער פרשה שטייט אויס גערעכינט דוא בגדי כהנה וואס דאס איז צוא גענומען

גענווארען

גְעוואָרֶען פוּן משֶׁה רַבֵּינוּ אוּנ עֶס אִיז גֶעגֶעבֶּען גֶעוואָרֶען צוּא אַהֲרֹן ווייל עֶר הָאט נִישְׁט גֶעוואָלְט גֵיין אוּנ שְׁלִיחוּת זָיין הקבּ״ה הָאט אִיהְם גֶעהֵייסֶען גֵיין צוּא פַּרְעֹה אִיז דָאס אַיין עוֹנֶשׁ פַאר משֶׁה רַבֵּינוּ אִיבֶּער דֶעם וָוערְט נִישְׁט גֶעדֶענְקְט זַיין נָאמֶען :

(ג) דֶער טַעַם פוּן דֶעם וָואס אוּנ טְהַייל עֶרְטֶער שְׁטֵייט יִשְׂחָק מִיט אַ שִׂין נִיט קֵיין צ׳. ווייל זַיין רֶעכְטֶער נָאמֶען אִיז יִשְׂחָק נָאר עֶר הָאט דוּא שׂ׳ן גֶעגֶעבֶּען אַיין מִשְׁכָּן פַאר זַיינֶע קִינְדֶער אוּנ גָלוּת אוּנ עֶר הָאט גֶענוּמֶען אַיין צַדִיק. פֶעהְלְט פוּן זַיין נָאמֶען צְווייא הוּנְדֶערְט אוּנ צֶעהְן אַזוֹיא לַאנְג וויא דוּא יוֹרְדֵי זֶענֶען גֶעוָועזֶען אוּנ מִצְרַיִם :

(ד) דֶער טַעַם פוּן דֶעם מִנְהָג אַז אַיינֶער גוּט אַ נוּס זָאגְט עֶר לִישׁוּעָתְךָ קִויתִי ד׳ אוּנ זַיין חָבֵר זָאגְט אִיהְם אַסוּתָא . ווייל עֶס וָוערְט גֶעבְּרֶענְגְט אוּנ פִּרְקֵי דר״א פוּן צֵייט הִימֶעל אוּנ עֶרְד אִיז בֶּעשַׁאפֶען גֶעוָוארֶען הָאט נָאךְ קֵיין מֶענְטְשׁ נִישְׁט גֶענְאהְן אַ נוּס עֶר זָאל בְּלֵייבֶּען לֶעבֶּען בִּיז יַעֲקֹב אָבִינוּ הָאט גֶעבֶּעטֶען רַחֲמִים פַאר הַשֵּׁי״ת אוּנ עֶר הָאט גֶעבֶּעטֶען מֶען זָאל אִיהְם נִישְׁט צוּא נֶעמֶען פוּן דֶער וָועלְט בִּיז עֶר וָועט אִיבֶּער לָאזֶען אַיין צַוָואָה אוּנ הַשֵּׁי״ת הָאט אִיהְם צוּא לִיעָב גֶעטְאהְן אִיבֶּער דֶעם אַז אַ מֶענְטְשׁ נוּסְט זָאגְט מֶען לִישׁוּעָתְךָ קִויתִי עֶר גוּט אָפּ אַיין שֶׁבַח הַשֵּׁי״ת וָואס עֶר אִיז גֶעבְּלִיבֶּען לֶעבֶּען אוּנ דֶער חָבֵר זָאגְט אִיהְם אַסוּתָא עֶס זָאל זַיין צוּא רְפוּאָה :

## דֶער טַעַם פוּן דוּא מִנְהָגִים בַּייא בְּרִית מִילָה :

(א) דֶער טַעַם וָואס מֶען בֶּעט אַיין עוֹלָם שַׁבָּת בַּייא נַאכְט צוּא אַיין שָׁלוֹם זָכָר אוּנ מֶען גִיט דֶעם עוֹלָם אַרְבֶּעס ווייל דָאס קִינְד וָוען עֶס קוּמְט אוֹיף דֶער וָועלְט אִיז עֶס טְרוֹיעֶרִיג ווייל דֶער מַלְאָךְ גוּט דֶעם קִינְד אַ קְלַאפּ אִיבֶּער דֶעם שְׁטֶערֶען אוּנ עֶס פַאר גֶעסְט דוּא תּוֹרָה וָואס עֶס הָאט גֶעלֶערִינְט אוּנ דֶער מוּטֶערְס בּוֹיךְ . קוּמְט מֶען עֶס טְרֵייסְטֶען . אִיבֶּער דֶעם עֶסְט מֶען אַרְבֶּעס דָאס אִיז אַ סִימָן אֲבֵילוּת אוּנ עֶס אִיז אַיין מִנְהָג צוּא טְרֵייסְטֶען אֲבֵלִים שַׁבָּת בַּייא נַאכְט :

ב) נָאךְ אַיין טַעַם ווייל דוּא נְשָׁמָה אִיז טְרוֹיעֶרִיג וויא זִיא אִיז אַרָאפּ גֶעקוּמֶען אוֹיף דֶעם עוֹלָם אִיבֶּער דֶעם טְרֵייסְט מֶען זִיא :

(ג) דֶער טַעַם וָואס דֶער חַזָן זִינְגְט רוֹמְמוֹת בַּייא אַיין בְּרִית מִילָה ווייל עֶס שְׁטֵייט וַוייטֶער וחרב פִּיפִיוֹת בְּיָדָם דָאס מֵיינְט מֶען דָאס מוֹהֵל מֶעסֶער וָואס עֶס הָאט צְווייא שַׁארְפֶען :

(ד) דֶער טַעַם וָואס דוּא פְּכוּנְקִים פוּן וכרות אוּנ דִיא פְּסוּקִים ויושע אוּנ דוּא שִׁירָה זָאגְט מֶען פָּסוּק בְּפָסוּק דֶער מוֹהֵל מִיט דֶעם קָהָל . ווייל דָארְט שְׁטֵייט פוּן דֶעם כְּרִיתַת בְּרִית פוּן אַבְרָהָם אָבִינוּ . אוּנ מִדְרָשׁ שְׁטֵייט אַז דֶער יַם אִיז גֶעשְׁפַּאלְטֶען גֶעוָוארֶען דוּרְךָ דֶעם זְכוּת וָואס זַייא הָאבֶּען זִיךְ מַל גֶעוָועזֶען אִיבֶּער דֶעם הָאט דָאס אַ שַׁייכוּת צוּא דֶעם בְּרִית :

(ה) דֶער טַעַם וָואס אֵלִיָהוּ וָוערְט גֶערוּפֶען מַלְאַךְ הַבְּרִית ווייל הקבּ״ה הָאט גֶעזָאגְט צוּא פנחס׳ן הנני נותן לו את ברית שלום אוּנ פִּנְחָס אִיז אֵלִיָהוּ :

(ו) נָאךְ אַיין טַעַם ווייל עֶס וָוערְט גֶעבְּרֶענְגְט אוּנ מִדְרָשׁ ווייל אֵלִיָהוּ הָאט זִיךְ גֶערֶעכֶנְט אוּנ עֶר הָאט גֶעזָאגְט דַיינֶע קִינְדֶער הָאבֶּען פַאר

לאזט

לאָזם דיין בְּרִית אִיבֶּער דֶעם מוז אֵלִיָהוּ הַנָבִיא זַיין אוֹיף יֶעדֶען בְּרִית מֶען זָאל אִיהְם וַוייזָען אַז זַייא הָאבֶּען גִישְׁט פַאר לָאזְט דָעם בְּרִית אוּנ אֵלִיָהוּ אַלֵיין אִיז מֵעִיד אוֹיף דָעם:

(ז) דֶער טַעַם וָואס דֶער מוֹהֵל לֵייגְט דָאס מוֹהֶל מֶעסֶער בַּייא דֶעם קִינְד'ס קִישֶׁען כְּדֵי דָאס מֶעסֶער זָאל זַיין אַיין שְׁמִירָה פַאר דָעם קִינְד עֶס זָאל ח"ו נִישְׁט נִיזוֹק וֶוערָען:

(ח) נָאךְ אֵיין טַעַם פוּן דָעם מִנְהָג. וַוייל אַז דֶער בְּרִית מִילָה גֶעפַאלְט אָהְן שַׁבָּת גְרֵייט מֶען אָהְן דָאס מֶעסֶער פַאר שַׁבָּת כְּדֵי מֶען זָאל נִישְׁט דַארְפֶען מְטַלְטֵל זַיין דָאס מֶעסֶער אוּנ שַׁבָּת פוּן אֵיין רְשׁוּת אוּנ אַנְדֶערָען אִיז שׁוֹין גֶעבְּלִיבֶּען דוּא תְּקָנָה אוֹיף שְׁטֶענְדִיג אָהְן צוּא גְרֵייטֶען דָאס מֶעסֶער אֵיין נַאכְט פְרִיר:

(ט) נָאךְ אֵיין טַעַם וַוייל דֶער דִין אִיז אַז דֶער מוֹהֵל דַארְף אַ טָאג פְרִיר צוּא זֶעהְן דָאס קִינְד אוֹיב עֶס אִיז גֶעזוּנְד אוּנ עֶס אִיז רָאוּי מַל צוּא זַיין. אִיבֶּער דֶעם גְרֵייט עֶר אָהְן דָאס מֶעסֶער כְּדֵי עֶר זָאל וַוייזָען אַז דָאס קִינְד אִיז גֶעזוּנְד מֶען זָאל ווִיסֶען זִיךְ מֵכִין צוּא זַיין אוֹיף דֶער סְעוּדַת מִילָה:

(י) דֶער טַעַם וָואס מֶען צוּנְד אָהְן לֶעכְט בַּייא אֵיין בְּרִית מִילָה עֶס אִיז אֵיין רֶמֶז אַז דָאס קִינְד זָאל זַיין גוּט אַזוֹיא וִויא עֶס שְׁטֵייט ותרא אותו כי טוב דרשנת מֶען אַז דוּא שְׁטוּב אִיז גֶעוָוארֶען פוּהל מִיט לֶעכְטֶעקְייט:

(יא) דֶער טַעַם וָואס מֶען זָאגְט צְוַוייא מָאהְל הודו לה' בַּייא אֵיין בְּרִית מִילָה וַוייל דָאס קִינְד אִיז אַרוֹיס גֶעקוּמֶען פוּן אֵיין גֶעפֶענְקְעֶנִיש אִיז עֶר מְחוּיָב צוּא לוֹיבֶּען פַאר צֶעהְן מֶענְטְשֶׁען אִיבֶּער דֶעם זָאגְט מֶען פַאר זַיינִים וֶוענֶען הודו אוּנ דָאס קָהָל עֶנְטְפֶערְט. אִיבֶּער דֶעם דַארְף צוּא זַיין צֶעהְן מֶענְטְשֶׁען אוּנ מֶען גוּט דֶעם קִינְד צוּא פַאר זִיכֶען פוּן כּוֹס שֶׁל בְּרָכָה:

(יב) דֶער טַעַם פוּן דֶעם מִנְהָג וָואס דֶער סַנְדֶק גוּט דֶעם קִינְד אֵיין מַתָּנָה. מִיר גֶעפוּנֶען אַזוֹיא הקב"ה הָאט גֶעשֶׁענְקְט אַבְרָהָם אָבִינוּ אֵיין מַתָּנַת נָאכְדֶעם עֶר הָאט זִיךְ מַל גֶעוֶועזֶען עֶר הָאט אִיהְם גֶענֶעבֶּען אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל:

(יג) דֶער טַעַם פוּן דֶעם וָואס מֶען גוּט דֶעם קִינְד אַ נָאמֶען בְּשַׁעַת מֶען אִיז עֶם מַל. וַוייל הקב"ה הָאט אַבְרָהָם אָבִינוּ אוֹיךְ גֶערוּפֶען אַבְרָהָם בְּשַׁעַת עֶר הָאט זִיךְ מַל גֶעוֶועזֶען:

# דוּא טְעָמִים פוּן סַכָּנָה:

(א) דֶער טַעַם פוּן דֶעם מִנְהָג וָואס אוּנ דוּא צְוַוייא חֳדָשִׁים טֵבֵת אוּנ שְׁבָט נֶעמֶען דוּא שׁוֹחֲטִים דוּא פוּס פוּן דוּא גֶענְז. אַזוֹיא אוֹיךְ וֶוערְט גֶעבְּרֶענְגְט אוּנ יוּדִיד אַז עֶס אִיז דָא בְּקַבָּלָה אַז עֶר שֶׁעכְט אַ גַאנְז אוּנ דוּא חֳדָשִׁים אוּנ עֶר הָאט נִישְׁט פוּן אִיהְר קֵיין הֲנָאָה אִיז אַ סַכָּנָה אִיבֶּער דָעם אִיז אַ מִנְהָג אַז עֶר נֶעמְט זִיךְ דוּא פוּס:

(ב) דֶער טַעַם פוּן דֶעם וָואס מֶען נוּצְט נִישְׁט קֵיין פֶעדֶערָען פוּן קֵיין הִינֶער חַייל דוּא פֶעדֶערָען פוּן אַ גַאנְז גֶענוּמְט נִישְׁט צוּא קֵיין פֵייכְטֶקְייט אִיבֶּער דָעם אַז עֶר וֶועט זִיךְ לֵייגֶען אוֹיף פֶעדֶערָען פוּן הִינֶער אוּנ עֶר וֶועט שְׁוִויצֶען וֶועלֶען זַייא אַרוֹיס גֶעבֶּען אַ פֵייכְטֶקְייט קֵיין עֶס שַׁאטֶען צוּם קָאפְּף:

(ג) דער טַעַם פון דֶעם מִנְהָג אַז אֵיינֶער קוּמְט אַרַיין צוּא זַיין חָבֵר בְּשָׁעַת עֶר עֶסְט רִיפְט אִיהְם דֶער חָבֵר מִיט עֶסֶען אוּנ עֶר עֶנְטְפֶערְט אִיהְם עֶס גֶעזוּנְדְהֵייט. וַוייל עֶס שְׁטֵייט אוּנ דֶער גְמָרָא אַז זֶעכְצִיג-עֶרְלַייא וֶוייטוּג קוּמְט אוֹיף אֵיין מֶענְטְשׁ אַז עֶר זֶעהְט זַיין חָבֵר עֶסֶען אוּנ עֶר עֶסְט נִישְׁט קֶען עֶר קוּמֶען צוּא אֵיין סַכָּנָה אוֹיב עֶר הָאט נָאךְ נִישְׁט דֶעם טָאג גֶעגֶעסֶען. אִיבֶּער דֶעם גוּט אִיהְם דֶער חָבֵר רְשׁוּת אַז עֶר מָעג מִיט אִיהְם עֶסֶען. קֶען שׁוֹין דֶעם מֶענְטְשׁ נִישְׁט שָׁאטֶען אֲפִילוּ עֶר עֶסְט גִישְׁט מִיט אִיהְם אָבֶּער דֶער דֶרֶךְ אֶרֶץ אִיז אַז עֶר עֶסְט נִישְׁט מִיט אִיהְם וַוייל אֶפְשַׁר קֶען דוּא סְעוּדָה נִישְׁט מַסְפִּיק זַיין פַאר אִיהְם אוֹיךְ:

(ד) דֶער טַעַם פוּן דֶעם אַז אַ מֶענְטְשׁ גֵייט אַוֶועק פוּן דֶער שָׁמוּב אוּנ עֶר פַאר גֶעסְט אֵיין זַאךְ זָאל עֶר נִישְׁט צוּרִיק גֵיין. וַוייל אַז עֶר גֵייט אוּנ וֶועג אַרַיין גֵייט דוּא שְׁכִינָה מִיט אִיהְם אוּנ אַז עֶר וֶועט צוּרִיק גֵיין וֶועט עֶר מוּזֶען לָאזֶען דוּא שְׁכִינָה אַלֵיין אִיז דָאס נִישְׁט קֵיין דֶרֶךְ אֶרֶץ:

(ה) דֶער טַעַם פוּן דֶעם וָואס אַז אֵיינֶער טְרִינְקְט אוּנ עֶר גוּט דֶער נָאךְ דֶעם צְוֵוייטֶען צוּא טְרִינְקֶען דַארְף עֶר פְרִיר אָפּ צוּא גִיסֶען אֵיידֶער עֶר גוּט דֶעם חָבֵר צוּא טְרִינְקֶען וַוייל אֶפְשַׁר הָאט דֶער עֶרְשְׁטֶער אֵיין שְׁלַאפְקֵייט אוּנְוַויינוּג אַז דֶער צְוֵוייטֶער וֶועט טְרִינְקֶען נָאךְ אִיהְם קֶען עֶס אִיהְם שָׁאטֶען אִיבֶּער דֶעם גִיסְט מֶען פְרִיר אָפּ. אוֹיךְ אַז מֶען טְרִינְקְט פוּן אֵיין טַייךְ וַואסֶער גִיסְט מֶען פְרִיר אַוֶועק וַוייל אֶפְשַׁר גֶעפוּנְט זִיךְ דָארְט אֵיין גִיפְט פוּן אַ שְׁלַאנְג:

## דֶער טַעַם פוּן שְׁחִיטָה מֶעסֶער:

(א) דֶער טַעַם פוּן דֶעם מִנְהָג אַז דָאס מֶעסֶער וָואס מֶען שֶׁעכְט רִיפְט מֶען עֶס חַלָף. וַוייל דָאס מֶעסֶער דַארְף צוּא זַיין שַׁארְף אוּנ גְלַאטִיג כְּדֵי דוּא בְּהֵמָה זָאל נִישְׁט פִיהְלֶען קֵיין צַער נָאר אוּנ אֵיין רֶגַע וֶוערְט פַאר בִּיטֶען פוּן לֶעבֶּען צוּם טוֹיט הֵייסְט עֶס חָלָף דָאס אִיז טַייטְשׁ פַאר בִּיטֶען:

(ב) אֵיין סְגוּלָה פַאר אֵיין פַייעֶר עֶס זָאל נִישְׁט צוּא קוּמֶען צוּא דֶעם הוֹיז מֶען זָאל גֶעמֶען אֵיין הָעמְד פוּן אֵיין אִשָּׁה נִדָּה וָואס עֶס גֶעפוּנְט זִיךְ נָאךְ דֶערוֹיף דַם נִדוֹת אוּנ מֶען זָאל עֶס אוֹיף הֶענְגֶען קֵיינֶען דֶעם הוֹיז וְוִיא דָאס פַייעֶר אִיז וֶועט דָאס פַייעֶר נִישְׁט צוּ קוּמֶען:

(ג) אֵיין סְגוּלָה עֶס זָאל זִיךְ הַאלְטֶען בַּייא אִיהְם קִינְדֶער. מֶען זָאל פַאר קוֹיפֶען דָאס קִינְד אוּנ דָאס גֶעלְט זָאל גֵיין אוֹיף צְדָקָה:

## דֶער טַעַם פוּן סֵפֶר תּוֹרָה אוּנ סְפָרִים:

(א) דֶער טַעַם וָואס מֶען הֵייבְּט אוֹיף דָאס סֵפֶר קֵיינֶען דֶעם עוֹלָם אוּנ מֶען וֵוייזְט דָאס כְּתָב וַוייל יֶעדֶער אֵיינְצִיגֶער יוּד הָאט אֵיין אוֹת אוּנ דֶער תּוֹרָה. וַוייל עֶס אִיז גֶעפוּנְט זִיךְ אוּנ דֶער תּוֹרָה זֶעכְּס מָאהְל מֵאָה אֶלֶף אוֹתִיּוֹת אוּנ עֶס אִיז אוֹיךְ דָא זֶעכְּס מָאהְל מֵאָה אֶלֶף יוּדֶעשֶׁע נְשָׁמוֹת אוּנ אַז עֶר זֶעהְט דָאס אוֹת אוּנ דֶער תּוֹרָה וָואס עֶס גִיהֶער צוּא זַיין נְשָׁמָה

בּרענגט

בְּרֶענְגְט אִיהְם דָאס אות שפע אונ ברכה ע״כ דַארְף זִיךְ יֶעדֶער אַיינְצִיגֶער מְשַׁתּדֵל זַיין צוא זֶעהֶן דוא אוֹתִיוֹת׃

ב) דֶער טַעַם וָואס דֶער שַׁמָשׁ נֶעמְט דָאס סֵפֶר פוּן דֶעם חַזָן. וַוייל דָאס אִיז אֵיין כָּבוֹד פַאר דֶעם סֵפֶר אַזוֹיא וִויא מִיר גֶעפוּנֶען אוּנ דֶער גְמָרָא דֶער גַבָּאֵי הָאט גֶעגֶעבֶּען דֶעם סְגָן אוּנ דֶער סְגַן דֶעם כה״ג׃

(ג) דֶער טַעַם וָואס אוּנ אַלֶע שְׁכֵין משניות זוהר זֶענֶען דוא דַפִּין נִישְׁט פַאר עֶנְדֶערְט גֶעוָוארֶען נָאר אַזוֹיא וִויא זַייא זֶענֶען גֶעוֶועזֶען צוּם עֶרְשְׁטֶען אַזוֹיא וֶוערְט גֶעדְרִיקְט אוּנ אַלֶע דְרִיקֶען. וַוייל דוא אַלֶע מְפָרְשֵׁי הש״ס רש״י אוּנ תוס׳ הָאבֶּען אֵיין גֶעצֵייכִינְט זֵייעֶרֶע פְּשָׁטִים לוֹיט וִויא זֵייעֶרֶע דַפִּין זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אוּנ אַז מֶען וָועט אַצוּנְד פַאר עֶנְדֶערֶען דוא דַפִּין וֶועלֶען דוא לוֹמְדִים צוא מִישְׁט וֶוערֶען אוּנ זַייא וֶועלֶען נִישְׁט קֶענֶען גֶעפוּנֶען דָאס אָרְט וִויא זַייא הָאבֶּען אַיין גֶעצֵייכֶענְט׃

(ד) דֶער טַעַם וָואס אַז אֵיינֶער שְׁרֵייבְּט אֵיין סֵפֶר תּוֹרָה פִיהְרְט מֶען עֶס מִיט גֶעזַאנְג אוּנ כְּלֵי זמר אוּנְטֶער אַ חוּפָּה אוּנ שׁוּהֶל אַרַיין אוּנ מֶען מַאכְט אֵיין גְרוֹיסֶע סְעוּדָה. וַוייל שְׁרֵייבֶּען אֵיין סֵפֶר תּוֹרָה אִיז דוא לֶעצְטֶע מִצְוָה אוּנ דֶער תּוֹרָה אוּנ דוא מִצְוָה פוּן פריה ורביה אִיז דוא עֶרְשְׁטֶע מִצְוָה זֶענֶען דוא צְוֵוייא מִצְוֹת גֶעגְלֶעכִינְט אֵיינְס צוּם צְוַוייטֶען מִיט פוּהֶל זַאכֶען אִיבֶּער דֶעם אִיז מֶען זִיךְ מְשַׂמֵחַ אַז מֶען פִיהְרְט אֵיין סֵפֶר אוּנ שׁוּהֶל אַרַיין אַזוֹיא וִויא מֶען מַאכְט חֲתוּנָה אַ קִינְד׃

(ה) דֶער טַעַם פוּן דֶעם וָואס עֶס אִיז אֵיין מִנְהָג אַז אֵיינֶער הָאט נִישְׁט קֵיין קִינְדֶער לָאזְט עֶר זִיךְ שְׁרֵייבֶּען אֵיין סֵפֶר תּוֹרָה. וַוייל דֶער מֶענְטְשׁ וָואס הָאט קִינְדֶער מִיט דֶעם וָואס דוא קִינְדֶער לֶערְנֶען תּוֹרָה זֶענֶען זַייא מְזַכֶּה דוא עֶלְטֶערֶען. אָבֶּער אַזֶעלְכֶער וָואס הָאט קֵיין קִינְדֶער נִישְׁט הָאט נִישְׁט וֶוער עֶס זָאל אִיהְם גֶעדֶענְקֶען אוּנ מֶען זָאל אִיהְם מְזַכֶּה זַיין אִיבֶּער דֶעם לָאזְט עֶר זִיךְ שְׁרֵייבֶּען אוּנ סֵפֶר תּוֹרָה אוּנ עֶר שֶׁענְקְט עֶס אוּנ שׁוּהֶל אַרַיין כְּדֵי אַנְדֶערֶע זָאלֶען לֶערְנֶען אוּנ דֶעם סֵפֶר אוּנ דוּרְךְ דֶעם וָואס זַייא וֶועלֶען לֶערְנֶען וֶועלֶען זַייא אִיהְם מְזַכֶּה אַזוֹיא גוּט וִויא זַיין אֵיינֶענֶע קִינְדֶער׃

(ו) דֶער טַעַם פוּן דֶעם וָואס דֶער סוֹפֵר לָאזְט אוֹיס דוא תּוֹרָה לעיני כל ישראל אוּנ מִיט שִׁירָה נִישְׁט בַּייא קֵיין סוֹף. עֶס וַוייזְט אוֹיף דֶעם אַז דוא תּוֹרָה הָאט נִישְׁט קֵיין סוֹף דָא לָאזְט זִיךְ אוֹיס דוא תּוֹרָה שבכתב הֵייבְּט זִיךְ אָהְן דוא תּוֹרָה שבע״פ וָואס זִיא הָאט נִישְׁט קֵיין גְרִינְט׃

## דֶער טַעַם פוּן פּוּרִים׃

(א) דֶער טַעַם פוּן דֶעם מִנְהָג וָואס מֶען עֶסְט אוּנ פּוּרִים מָאהְן. וַוייל מָאהְן אִיז דוא אֵיינֶענֶע אוֹתִיוֹת וָואס הָמָן עֶס וַוייזְט אַז מֶען אִיז בַּייא גֶעקוּמֶען דֶעם שׂוֹנֵא הָמָן אַזוֹיא וִויא מֶען עֶסְט מָאהְן. אוֹיךְ מַאכְט מֶען אֵיין זֵכֶר פַאר אֶסְתֵּר הַמַלְכָּה וָואס זִיא הָאט נִישְׁט גֶעוָואלְט קֵיין הֲנָאָה הָאבֶּען פוּן מַאַכָלִים אֲסוּרִים נָאר זִיא הָאט זִיךְ עֶרְנֶעהְרְט קֶערְנֶער אַזוֹיא וִויא דָנִיאֵל אוּנ חמ״ו׃

(ב) דֶער טַעַם וָואס מֶען עֶסְט אוּנ פּוּרִים גֶעבֶּעקְעצֶער וָואס קוּמֶען

געמאכט

מאכט מען דרייא שפיצען וואס מען ריפט נייא המן טאשען. ווייל עס ווערט געברענגט אונ מדרש אזויא וויא המן האט ערזעהן דוא דרייא אבות איז באלד אפ געשוואכט געווארען זיין כח. אויך שטייט אונ פסוק וכל קרני רשעים אגדע דוא שפיצען פון דוא רשעים וויל איך פאר שניידען דאס מיינט מען המן תרוממנה קרנות צדיק דאס מיינט מען מרדכי איבער דעם ריפט מען דאס המן טאשען ווייל דאס איז א רמז אויף המן:

(ג) דער טעם פון דעם מנהג וואס בשעת מען לייענט המן אונ דער מגילה קלאפט מען בפרט ווען מען האלט בייא ויבא המן. ווייל אין פסוק שטייט בבוא רשע בא גם בוז ועם רשע קלון אז עס קומט דער רשע קומט מיט איהם שאנד. דוא סוף ווערטער פון דעם פסוק איז המן:

(ד) דער טעם וואס מען פאר שטעלט זיך אונ פורים בייא דער סעודה דאס איז איין זכר צוא דעם וואס דוא היילינע חכמים האבען געזאגט דוא יודען וואס האבען זיך געביקט צוא המן דאס איז נאר געוועזען לפנים האט השי"ת גימאכט דוא גזירה פון המן אויך נאר לפנים דאס הייסט פאר שטעלט. איבער דעם פאר שטעלט מען זיך בשעת שמחה כדי זיך צוא ערמאנען אונ דעם נס וואס דאס איז אויך נאר געוועזען פאר שטעלט:

## דער טעם פון נעגיל שנייד'ען:

(א) דער טעם וואס עס איז איין מנהג אז מען שנייד זיך ניט אפ דוא נעגיל פון דוא הענד אונ דוא פוס אונ איין טאג. עס ווערט געברענגט אונ ש"ע אז עס איז איין סכנה אפ צוא שניידען אונ איין טאג:

(ב) דער טעם וואס מען שנייט נישט אפ דוא נעגיל אונ דאנערשטוג ווייל אונ שבת וועלען זייא אהן הייבען צוא וואקסען אונ עס איז נישט קיין כבוד פאר דעם שבת:

(ג) דער טעם פון דעם וואס מען זאגט אויף איין שוחט ער נעמט קבלה אויף שחיטה אונ א רב זאגט מען ער נעמט סמיכה. ווייל א שוחט חוץ דעם וואס ער דארף צוא זיין איין בקי אונ דוא דינים פון הלכות שחיטה. דארף ער צוא זיין אומן יד דהיינו ער זאל קענען אפ שטעלען דעם חלף אונ ער זאל וויסען וויא אזויא בודק צוא זיין ע"כ מוז ער נעמען דעם חלף אונ דער האנד הייסט דאס קבלה אבער איין רב דארף נאר זיין. אז א ב"ד סומכה זאל איהם מסמיך זיין אז ער מעג פסקענען דינים אונ שאלות הייסט דאס סמיכה:

## דער טעם פון קידוש לבנה:

(א) דער טעם וואס דאס וואס מען מאכט א ברכה בייא דער לבנה הייסט דאס קידוש לבנה ווייל איבער דער ברכה וואס מען מאכט איבער איהר ווערט דוא לבנה געהייליגט. אזויא אויך האט מען געמאכט בשעת דאס ביהמ"ק איז געשטאנען האט מען געזאגט מקודש מקודש:

(ב) דער טעם וואס מען גייט ארויס אויף דער גאס צוא קידוש

לְבָנָה אַזוֹיא וִויא מָען גֵייט אַ קֵייגֶען אַיין מֶלֶךְ אַזוֹיא אוֹיךְ גוּט מָען כָּבוֹד דָער לְבָנָה:

(ג) דָער טַעַם וָואס מֶען זָאגְט בַּייא קִידוּשׁ לְבָנָה דוד מלך ישראל חי וקים. וַוייל דוּא וָוערְטֶער בַּאטְרֶעפִין ראֹשׁ חוֹדֶשׁ נָאךְ אַיין טַעַם וַוייל מַלְכוּת בֵּית דוד אִיז גֶעגְלֶעכִינְט צוּא דָער לְבָנָה אִיז דָאס אַ רֶמֶז אַז דָאס מַלְכוּת וָועט בֶּענַייט וָוערָען אַזוֹיא וִויא דוּא לְבָנָה:

(ד) דָער טַעַם וָואס ווייבֶּער זָענֶען נִישְׁט מְחַדֵּשׁ דוּא לְבָנָה וַוייל חַוָּה הָאט גוֹרֵם גֶעוֶועזֶען דָעם פְּגָם פוּן דָער לְבָנָה אִיבֶּער דָעם עֶרְוַוייטֶערְן זַייא זִיךְ פַאר בּוּשָׁה. פַאר דָעם הָאט מָען זַייא גֶעגֶעבֶּען ר״ח זַייא זָאלְלֶען אָפּ הִיטֶען מֶעהְר וִויא מַאנְסְלַייט:

(ה) דָער טַעַם פוּן דָעם מִנְהָג וָואס מָען זָאגְט אַז מֶען אִיז מְקַדֵּשׁ דוּא לְבָנָה אִיז מָען בָּטוּחַ אַז מָען וָועט אוֹיס לֶעבֶּען דָעם חוֹדֶשׁ. וַוייל עֶס וָוערְט גֶעבְּרָענְגְט אַיין מַעֲשֶׂה פוּן אַיין מֶענְטְשׁ וָואס גַזְלָנִים הָאבֶּען אִיהְם גֶעטְרָאפֶען בַּייא נַאכְט אוּנ זַייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעווָאלְט אוּמְבְּרֶענְגֶען. הָאט עֶר פוּן זַייא גֶעבֶּעטֶען זַייא זָאלְלֶען אִיהְם עֶרְלוֹיבֶּען צוּא טוּהְן אַיין מִצְוָה פַאר זַיין טוֹיט אוּנ דוּא לְבָנָה אִיז הֶעמָאלְט גֶעשְׁטַאנֶען. הָאט עֶר זִיא מְחַדֵּשׁ גֶעוֶועזֶען מִיט גְרוֹיס כַּוָּונָה. אִיז אִיהְם גֶעשֶׁעהְן אַיין נֵס בְּשָׁעַת עֶר הָאט גֶעגֶעבֶּען אַיין שְׁפְּרִינְג דְרַייא מָאהל אַזוֹיא וִויא דָער מִנְהָג אִיז. הָאט אִיהְם דָער וִוינְד אוֹיף גֶעהוֹיבֶּען אוּנ דוּא לוּפְטֶען אוּנ עֶר אִיז פוּן זַייא נִיצוֹל גֶעוָוארֶען. עֶס אִיז אַיין סְגוּלָה מְקַדֵּשׁ צוּא זַיין דוּא לְבָנָה אַיידֶער מָען גֵייט אַרֹ״ים אוּנ וָוענ אַרַיין אָדֶער אוּנ מוֹצָאֵי שַׁבַּת קוֹדֶשׁ:

(ו) דָער טַעַם וָואס מָען זָאגְט עָלֵינוּ נָאךְ קִידוּשׁ לְבָנָה וַוייל דָאס פָּנִים פוּן יְהוֹשֻׁעַ אִיז אַזוֹיא וִויא דוּא לְבָנָה. אוּנ עָלֵינוּ הָאט יְהוֹשֻׁעַ מְתַקֵּן גֶעוֶועזֶען וָוען עֶר הָאט אַיין גֶענוּמֶען דוּא שְׁטָאט יְרִיחוֹ אִיבֶּער דָעם אַז מָען זָאגְט עָלֵינוּ גִיהֶער דָאס צוּא דָער לְבָנָה:

(ז) נָאךְ אַיין טַעַם וָואס מָען זָאגְט עָלֵינוּ בְּשָׁעַת קִידוּשׁ לְבָנָה וַוייל דוּא אוּ״ה רֶעכְנֶען דָאס יָאהְר לוֹיט דוּא זוּן אוּנ מִיר רֶעכְנֶען נָאךְ דָער לְבָנָה. זָאגְט מָען עָלֵינוּ אַז עֶס זָאל בֶּעוַויייזֶען אַז חָאטְשׁ מִיר שְׁטֵייעֶן קֶעגֶען דָער לְבָנָה אוּנ מָען זָאגְט תְּפִלּוֹת וְתִשְׁבָּחוֹת זָאל מָען נִישְׁט מֵיינֶען אַז אוּנְז דִינֶען ח״ו צוּא דָער לְבָנָה. אִיבֶּער דָעם זָאגְט מָען עָלֵינוּ וגו׳ שלא שם חלקנו כהם ואנחנו כורעים ומשתחווים לפני מלך וגו׳ אַז מִיר דִינֶען נָאר דָעם אַיינְצִיגֶען בֶּעשֶׁעפֶער:

## דוּא מִנְהָגִים וָואס זֶענֶען נוֹהֵג בְּשַׁעַת מֶען לֵיינְט אוּנ ס״ת:

(א) דָער טַעַם פוּן דָעם וָואס פַאר יָעדֶען וָואס אִיז עוֹלֶה לַתּוֹרָה לֵיינְט מָען פִיהְר דוּא פַּרְשָׁה. כְּדֵי מָען זָאל נִישְׁט מְבַיֵּישׁ זַיין אַיינֶעם וָואס עֶר קָען נִיכְט אַלֵיין לֵיינֶען אוּנ דָער תוֹרָה. אַזוֹיא וָוערְט גֶעבְּרָענְגְט אוּנ מִשְׁנָיוֹת אַז מָען הָאט פִיהְר גֶעלֵיינְט דוּא פַּרְשָׁה פוּן בִּיכּוּרִים פַאר דָעם וָואס הָאט גֶעבְּרֶענְגְט בִּיכּוּרִים:

(ב) דָער טַעַם וָואס מָען זָאגְט ואתם הדביקים פַאר דָעם לֵיינֶען. ווייל

ווייל דער וואס לייענט און דער תורה איז גלייך וויא ער האט דעם זעלבען טאג מקבל געווענען דיא תורה:

(ג) דער טעם וואס דער גבאי תורה שטייט ביים דעם ספר און ווייזט יעדען וואס מען רופט אויף צוא דער תורה מיט איין זילבערנער יד וויא מען האלט. כדי דער עולה זאל וויסען איידער ער מאכט דיא ברכה וויא מען האלט ער זאל קענען נאך זאגען שטילערהייט יעדעם ווארט נאך דעם קורא:

(ד) דער טעם וואס עס דארף צוא שטיין דרייא מענטשען אויף דער בימה בשעת מען לייענט. ווייל עס שטייט און פסוק העידותי בכם היום. און מתרה זיין דארף מען פאר צווייא מענטשען איבער דעם לייענט איינער און ספר און דיא צווייא איז ער מתרה פאר זייא:

(ה) דער טעם פון דעם וואס דער וואס איז עולה תורה דורך דעם וועג וואס ער גייט צום ספר גייט ער נישט צוריק מיט דעם זעלבען וועג. אזויא וויא מיר געפונען און יחזקאל אז דער וואס איז געקומען און בהמ״ק דורך דעם טויער פון צפון זייט דער איז ארויס געגאנגען דורך דרום מען איז קיינמאל נישט ארויס געגאנגען דורך דעם טויער וואס מען איז געקומען נאר דורך דעם טויער וואס איז א קעגען:

(ו) דער טעם פון דעם וואס בשעת מען מאכט דיא ברכה ביים דעם ספר האלט מען אהן און דיא עץ חיים ווייל עס שטייט און פסוק עץ חיים למחזיקים בה:

(ז) דער טעם פון דעם דער וואס איז עולה לתורה גייט נישט אראפ פון דער בימה ביז דער צווייטער מאכט דיא אנדערע ברכה. ווייל אפשר וועט ער נישט קענען הערען דאס לייענען בשעת ער וועט אראפ גיין:

ח) נאך איין טעם וואס מען דארף דרייא מענטשען ביים דעם ספר. ווייל עס שטייט גדלו לד׳ אתי ונרוממה שמו יחדיו פון דעם פסוק לערנען מיר אפ אז עס דארף צוא זיין דרייא מענטשען:

(ט) דער טעם וואס מען רופט אויף צום ספר יעדען יעמוד ר׳ פלוני בן ר׳ פלוני. ווייל דורך דעם וועט בעוויסט ווערען דער רעכטער נאמען וויא יעדער איינציגער הייסט און דורך דעם קען מען נישט קומען צוא איין מכשול ביים און גט:

(י) דער טעם פון דעם וואס און ר״ח לייענט מען דיא קרבנות וואס געהערען צוא ר״ח אדער און שבת לייענט מען נישט נאר דיא פרשה וואס זייא געהער צוא דער וואך אבער נישט פון דיא קרבנות פון שבת. איז דער טעם ווייל און שבת קומען נישט דיא קרבנות זייא זאלען מכפר זיין נאר פיהר איין נחת רוח ווייל שבת אליין איז מכפר איבער דעם דארף מען נישט פיהר לייענען דיא קרבנות. אבער ר״ח זענען דיא קרבנות איין כפרת עון לייענט מען זייא ווערט דאס לייענען גערעכינט גלייך וויא מען וואלט זייא מקריב געווענען:

(יא) נאך איין טעם וואס מען לייענט נישט און שבת פ׳ מוסף ווייל און דער פרשה איז נישט דא מעהר וויא צווייא פסוקים און דער תורה לייענט מען נישט קיין פרשה ווייניגער וויא דרייא פסוקים ע״כ זאגט מען אללע שבת דיא פסוקים וביום השבת:

(יב) דער טעם פון דעם וואס מען זאגט אז מען ליינט דרייא מאג בעזאמען רעגינט. ווייל עס שטייט אונ פסוק וילכו שלשת ימים ולא מצאו מים דאס מיינט מען דוא תורה אבער אז מען ליינט אונ דער תורה דרייא טאג געפונט מען וואסער:

(יג) דער טעם וואס מען ליינט אונ דער תורה אויף יששכר. ווייל יששכר האט געהאט איין זוהן וואס ער האט געהייסען יוב אונ פארצייטענס איז געוועזען א ע"ז וואס האט געהייסען יוב איז געקומען דער זוהן אונ האט זיך געקלאגט פאר דעם פאטער וואס ער האט איהם איין נאמען געגעבען וויא דוא ע"ז האט איהם יששכר געשענקט א שין פון זיין נאמען אונ ער האט געהייסען ישוב איבער דעם פעלט איהם דוא שין:

(יד) דער טעם וואס מען רופט נישט אויף איין פאטער מיט א זוהן בעזאמען צום ספר. ווייל דיא תורה ווערט אהן גערופען עדות אונ א פאטער מיט א זוהן זענען פסול בעזאמען פאר עדות:

(טו) דער טעם וואס אונ דער פריה פאלט מען אויף דעם פנים אויף דער רעכטע האנד אונ בייא מנחה אויף דער לינקע האנט. ווייל מיר געפונען. אז דוא הסיבה פון פסח איז אויף דער לינקע זייט ווייל דיא לינקע זייט איז דרך חירות מוזען מיר ווייזען אז אויף דער אייגינער זייט וואס מיר זעהן אוים וויא פרייע מענשען מיט דער אייגינער זייט זענען מיר אונטער טעהניג צוא השי"ת, איבער דעם פאלט מען תחנה אויף דער לינקע זייט. אבער בייא שחרות מען גייט אהן גיטאהן דיא תפילין אויף דער לינקער האנד. אז מען וועט פאלען תחנה אויף דער לינקער האנד ווענט ער זיך אהן שפארען אויף דיא תפילין:

(טז) דער טעם וואס אונ ר"ה יוה"כ אז דער חזן זאגט המלך זאגען אויך דאס גאנצע ציבור המלך אויף א הויך קול. מען ווייזט אז מען בעגייט דיא מלוכה. כדי ווייטע זאלען אויך הערען אונ זאללען קריינען צוא השי"ת:

(יז) דער טעם וואס אויף ר"ה יוה"כ קומען צוא זאמען אללע פון דיא סביבות אונ דער שטאט אריין. דען עס איז בעוויסט אז עס קומט דיא צייט אז מען דארף קריינען איין מלך קומען זיך צוא זאמען מענטשען אונ דער שטאט וואס מען קריינט דעם מלך זייא זאלען זעהן דעם גרויסען כבוד וואס מען טוט אהן דעם מלך. אונ דאס איז פאר דעם מלך א גרוים כבוד אז עס איז דא אסך מענטשען וואס זייא נעמען אהן זיין געוועלטיגקייט אזוי שטייט אויך אונ פסוק אז השי"ת איז איין מלך צווישען דוא ישראל אונ אללע ימים נוראים קריינען מיר השי"ת אונ מיר זענען אויף זיך מקבל זיין ממשלה. ע"כ דארף זיך צוא זאמען צוא קומען פוהל מענטשען בשעת מען קריינט השי"ת:

(יח) דער טעם וואס מען גייט אונ ר"ה צוא תשליך. ווייל עס ווערט געבראגט אונ מדרש אז בשעת אברהם אבינו איז געגאנגען מיט זיין זוהן יצחק צוא דער עקידה האט דער שטן געמאכט איין טייך פאר זייא אז זייא זאלען נישט קענען דורך גיין:

(יט) דער טעם וואס אונ ר"ה עסט מען נישט קיין ניס ווייל אגוז בעטרעפט אזויא וויא חטא אונ נאך איין טעם ווייל ניס מאכט שפייען:

דער

כ דער טעם וואס דוא ניגונים פון ר"ה יוה"כ זענען גלייך ביא אללע יודע אויף דער גאנצער וועלט. דער מנהג פון דעם שטאמט ארויס פון שפאניא וואס דארט האבען דוא יודען אפ געהיטען דוא אמונה אונ פאר בארגענעש אונ זייא האבען זיך צוא זאמען גענומען אונ דוא וועלדער אללע צוא זאמען אונ ימים נוראים האבען זייא געהאט דעם סימן אהן דוא ניגונים וואס זייא האבען דערקענט אז דא איז פאר זאמעלט יודען:

(כא) דער טעם וואס אונ דער ערשטער נאכט ר"ה ווינטשט איינער דעם אנדערען לשנה טובה תכתב אבער אונ דער פריה ווינטשט מען שוין נישט אהן. ווייל מען טאהר נישט האלטען דעם חבר פאר איין רשע נאר א צדיק. אונ געמישפט ווערט מען אונ דוא ערשטע דרייא שעה מכתמא האט מען שוין אהן געשריבען צום לעבען דארף מען שוין נישט צוא בעטען אויף דעם חבר אז מען זאל איהם אהן שרייבען צום לעבען:

(כב) דער טעם וואס מען עסט ביינאכט ר"ה ראש כבש. מיר געפונען איין רמז אויף דעם אונ תרגום יונתן אונ אהן הייב פון גלות מצרים האט פרעה געזעהן דאס גאנצע לאנד מצרים אויף איין וואג שאהל אונ איין שעפעלע אויף דער צווייטער שאהל האט דאס שעפעלע איבער געוואגען דאס גאנצע לאנד מצרים אונ ר"ח תשרי איז דער מזל איין וואג שאהל עסט מען ראש כבש אויף איין רמז אז דוא יודען וואס זייא זענען געגליכינט צוא איין שעפעלע זאלען אויסגעלייזט ווערען אז עס וועט קומען דוא צייט פון דעם מזל פון דוא וואג שאהל היינו אונ חדש תשרי:

(כג) דער טעם פון דעם וואס מוצאי יום הקדוש ביינאכט בלאזט מען שופר דאס איז א סימן אז דוא שכינה איז שוין אב געטאהן געווארען. אויך איז עס איין זכר וואס מען האט געבלאזען שופר ווען עס איז נוהג געוועזען דער יובל:

(כד) דער טעם וואס מען שטעלט צווייא מענטשען ביא דעם חזן יוה"כ ביא נאכט בשעת ער זאגט כל נדרי. ווייל עס ווערט געברענגט אונ מסכת סופרים אז עס איז נישט גלייך דער חזן זאל שטיין אליין ביא דעם עמוד נאר איינער דארף שטיין אונ זיין רעכטער זייט אונ דער צווייטער אונ דער לינקער אקעגען דוא אבות. נאר א גאנץ יאהר איז מען טרוד אונ דאגת פרנסה קען מען דאס נישט מקיים זיין אבער יוה"כ איבער דער אימה פון יום הדין איז מען זיך נוהג צוא צוא שטעללען צווייא מענטשען לעבען חזן:

(כה) דער טעם וואס כל נדרי זאגט מען מיט א וויינענדיגען ניגון. אונ דעם נוסח כל נדרי ווערט נאהר נישט געדאכט קיין זאך וואס עס זאל מעורר זיין איין געוויין. נאר ווייל דוא אנוסים פון שפאניא זענען זיך צוא זאמען געקומען אונ פארבארגענעש אונ דוא היילען אהן יום הכפור תפלה צוא טאהן האבען זייא זיך ערמאנט בשעת זייא האבען געזאגט כל נדרי. דוא נדרים אונ דוא שבועות וואס זייא האבען א גאנץ יאהר געשוואורען צוא דער ממשלה אז זייא זאל אהן היטען זייער דת וואס דאס איז געוועזען אקעגען זייער ווילען אונ זייא האבען זיך מתכוון געוועזען מבטל צוא זיין דוא אללע שבועות וואס זייא האבען א גאנץ יאהר געשוואורען אונ אויף דעם האט זייא דאס הארץ זייער וויא געטאהן אז זייא האבען זיך

זיך ערמאנט וואס זייא האבען געטאהן א גאנץ יאהר, קענען זייער ווילען (אבער דוא שבועות וואס מיר שווערען צוא אונזער ממשלה יר"ה זענען אונ זייער שטארקהייט ווארען אונזער קייסר יר"ה גייט אונץ נישט ח"ו מיר זאללען עובר זיין אויף אונזערע גיזעץ אדרבא מען גוט אונץ פרייהייט אפ צוא היטען אונזער גלויבען אונ דוא גיזעץ) :

(כו) דער טעם פון דעם וואס אונ יוהכ"פ זאגט מען אונ יעדער קדושה בייא שחרית אונ מנחה נעילה כתר אדער נעריצך לויט נוסח אשכנז. ווייל אונ דעם טאג מעהרט מען אונ תפלות ותשבחות דעמאלס ווערט דוא שטוהל פון הקב"ה דער הייכט איבער דעם זאגט מען ממקומו הוא יפן וכו' משרתיו שואלים זה לזה איה מקום כבודו. ווייל דוא מלאכים ווייסען נישט וויא זיין כבוד איז דעמאלס דער הייכט :

(כז) דער טעם וואס אונ ערב יוהכ"פ מאכט מען קיילכדיגע חלות אזויא וויא פייגעל. ווייל אונ דעם טאג זענען דוא יודען געגלעכינט צוא מלאכים אונ בייא דוא מלאכים שטייט אז יעדער האט זעקס פליגעל :

כח) דער טעם פון דעם מנהג וואס דער גבאי טהיילט אונ ערב יוה"ק יעדען בראנפען מיט לעקאך דאס איז איבער דעם טעם טאמער איז ח"ו נגזר געווארען אויף איינעם ער זאל נעמען צדקה וועט דאס זיין איין אבקומעניש מיט דעם וואס ער נעמט אצונד פון צדקה :

(כט) דער טעם וואס בשעת מען זאגט אונ יוהכ"פ דוא ווידוי קלאפט מען זיך אונ הארץ ווייל דוא אללע וואס זענען מחויב מיתה איז צום ערשטען דוא עדות הענד זייא טייטען אים צום ערשטען אונ דוא האנד איז איין עדות אויף דעם מענטשם זונד אזויא וויא עס שטייט אז דוא האנד טוט שרייבען אונ דוא האנד פון יעדען מענטש טוט התמנין איבער דעם דארף דוא האנד צוא קלאפען אונ הארץ אריין כדי דער עונש זאל זיין דורך דוא עדות דאס זענען דוא הענד :

(ל) דער טעם וואס מען קלייד זיך אהן אונ יוהכ"פ אונ ווייסע בגדים ווייל עס ווערט געברענגט אז ווען דאס ביהמ"ק איז געשטאנען איז נישט געוועזען נאך אזויא איין יו"ט וויא חמשה עשר באב אונ יוהכ"פ דעמאלס זענען דוא יודישע טעכטער ארויס געגאנגען אללע אהן געקלייד אין ווייסע קליידער אונ זייא האבען נישט מורא געהאט פאר דעם יצה"ר טוט מען היינט אויך זיך אהן קליידען ווייסע קליידער :

(לא) דער טעם פון דעם וואס עס איז איין מנהג צוא פאר שפרייטען אונ יוהכ"פ גרעזער אונ שוהל ווייל אונ דעם טאג פאלט מען עטליכע מאהל כורעים אונ מען בוגט זיך איבער דעם פאר שפרייט מען גראז כדי עס זאל זיין איין הפסק צווישען דער רצפה דאס הייסט דוא פארלינגע ווייל טאמער געפונט זיך אויף דער רצפה איין שטיין אונ עס שטייט אין דער תורה אז מען מטאהר זיך נישט בוקען צוא קיין שטיין :

(לב) נאך איין פשוטער טעם איז וואס מען פאר שפרייט גרעזער אונ שוהל ווייל מען שטייט א גאנצע טאג אויף דוא פוס אונ מען גייט אהן שוך איז שווער צוא שטיין איבער דעם פאר שפרייט מען גרעזער עס זאל זיין לייכטער צוא שטיין :

דער

(לג) דער טעם פון דעם וואס אונ, דער הפטורה פון שבת תשובה איבער היפערט מען אונ מען הייבט אהן פון יואל תקעו בשופר בציון ונו׳ ווייל דאס איז אונ סוף הושע אונ דארט איז נישט דא מעהר וויא ניין פסוקים אונ נביאים לייענט מען נישט ווייניגער וויא איין אונ צוואנציג פסוקים איבער דעם הייבט מען אהן פון איין אנדערען נביא וואס דארט שטייט אויך פון תקיעת שופר האט עס איין שייכות צוא שבת תשובה:

(לד) דער טעם פון דעם וואס מען ריפט דעם טאג נאך יוהכ״פ צוא גאט׳ס נאמען ווייל אונ גאנץ עשרת ימי תשובה זאגט מען המלך הקדוש אונ היינט הייבט מען אהן צוריק האל הקדוש גייט מען צוריק צוא גאט׳ס נאמען:

(לה) דער טעם וואס מען טאהר נישט שלאפען אונ ראש השנה בייא טאג ווייל עס ווערט געברענגט אז דער וואס שלאפט אונ ר״ה שלאפט חו״ז זיין מזל:

(לו) דער טעם פון דעם מנהג וואס מען שטייט בייא אללע תפלות אונ ר״ה יוהכ״פ ווייל אונ ר״ה איז דער גמר דין אונ בייא דעם גמר דין האלט דוא גאנצע וועלט אז דוא בעלי דינים דארפען שטיין:

(לז) דער טעם וואס מען עסט אונ ר״ה עפיל איין געטונקט אונ האניק ווייל דוא ישראל זענען געגלעכינט צוא איין אפיל נאך איין טעם עס ווערט געברענגט אז יצחק אבינו האט געבענטשט יעקב׳ן איז געוועזען אין ר״ה אונ ער האט געזאגט אז דער געשמאק פון מיין זוהן איז אזויא וויא איין פעלד מיט עפיל, עסט מען עפיל פאר איין זכר:

(לח) דער טעם פון דעם אז דער וואס דאווענט מעריב פאר דעם עמוד דער זאגט סליחות ווייל ער איז דער ערשטער וואס האט אהן געהויבען איין מצוה וואס זיא גיהער צוא דעם טאג ווייל דוא נאכט גיהער צוא דעם מארגענדיגען טאג דער דארף אוים צוא לאזען גיהער שוין צוא איהם אללע מצות פון דעם טאג:

(לט) דער טעם וואס אונ אללע תפלות פון ר״ה אונ יוה״כ וואס דאס קהל זאגט מיט דעם חזן זאגט מען נישט כסדר אזויא וויא עס שטייט אונ דוא מחזורים נאר מען זאגט איבער געהיפערט דהיינו אונ פייט פון אתה הוא אלקינו בשמים ובארץ גבור ונערץ דאס זאגט דער חזן אונ דאס קהל זאגט נאך דגול מרבבה הוא שח ויהי אונ אזויא ווייטער פאר וואס זאל מען נישט זאגען כסדר דהיינו דער חזן זאגט אתה הוא אלקינו בשמים ובארץ גבור ונערץ זאל דאס קהל זאגען דגול מרבבה הוא שח ויהי אונ אזויא כסדר דער חזן זאל זאגען ווייטער דוא אותיות ה׳ ו׳ אונ דאס קהל ז׳ ח׳ אזויא אויך אונ פייט אדירי איומה יאדירו בקול זאגט דאס קהל ה׳ מלך ברואי ברק יברכו בקול זאגט דער חזן נאך אמאהל דאס איינענע אויך אזויא אונ פייט לאל עורך דין לבוחן לבבות ביום דין לגולה עמוקות בדין פאר וואס זאגט מען נישט כסדר א״ב דער חזן זאל זאגען אותיות א״ב אונ דאס קהל ג״ד אונ אזויא ווייטער כסדר נאר אונ דוא ווארהייט איז דער גאנצער מנהג עפ״י טעות גאך פון דוא פערצייטשע דורות. דאס איז בעוויסט ווען דוא פייטנים האבען געטאכט דעם פייט איז נאך קיין דרוק נישט געוועזען אויף דער וועלט נאר זייא האבען אויף געשריבען זייער פייט אויף

פאפיִער אָדער פאֶרמִיט אונ זייא הָאבֶּען עֶס צוא צוּשִׁיקְט צְוִוישֶׁען אַלֶע אֵיינְזַאמְלוּנג פון יודען מֶען זָאל עֶס זָאגֶען. אונ פאַר צייטֶענְס הָאט גֶעקָאסְט דָאס אִיבֶּער שְׁרַייבֶּען פוּהל גֶעלְט הָאבֶּען זִיךְ דוא פייטנים נִישְׁט גֶעפוּנֶען נָאר גַאנְץ וֶוענִיג נָאר אונ יֶעדֶער קְהִלָּה אִיז גֶעוֶועזֶען אַ מַחֲזוֹר מִיט אַלֶע פיוטים אונ תְּפִילּוֹת פַאר דֶעם חַזָן פון קָהָל גֶעלְד אִיבֶּער דֶעם הָאט נָאר דֶער חַזָן גֶעזָאגְט דיא פיוטים אונ דָאס קָהָל הָאט גֶעשְׁוִויגֶען אונ אוים גִיהֶערְט נָאר אַז דֶער חַזָן אִיז גֶעקוּמֶען צוא דֶעם פּזמוֹן וָואס עֶס אִיז אֵיין שבח פאַר השי״ת הָאט דָאס דֶער חַזָן גֶעזָאגְט אויף דֶעם קול אונ דָאס קָהָל הָאט נָאךְ גֶעזָאגְט דֶעם חַזָן דֶעם אוּנְהַאלְט פון דֶעם לויב אַזוֹיא וִויא אֵיין צוא שְׁפִּיהְל. אַזוֹיא וִויא עֶס וֶוערְט גֶעבְּרֶענְגְט אונ מִדְרָשׁ רַבָּה בַּייא דֶער שִׁירָה וָואס דוא יוּדֶען הָאבִּין גֶעזָאגְט בַּייא דֶעם יַם משה הָאט גֶעזָאגְט אשירה לד׳ כי גאה גאה וגו׳ אִין דיא יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען גִיעֶנְטְפֶערְט אשירה לד׳ וגו׳. אַזוֹיא אויךְ בַּייא דוא פיוטים הָאבֶּען דָאס קָהָל גִיעֶנְטְפֶערְט נָאךְ דֶעם חַזָן דוא וֶוערְטֶער וָואס זֵייא הָאבֶּען גִיהֶערְט פון חַזָן וָואס עֶר הָאט אוים גֶעלָאזְט דהיינו דֶער חַזָן הָאט גֶעזָאגְט אתה הוא אלקינו בשמים ובארץ הָאבֶּען דָאס קָהָל אוֹיךְ אוים גֶעלָאזְט בשמים ובארץ. אַזוֹיא אויךְ דֶער חזן הָאט גֶעזָאגְט גבור ונערץ דגול מרבבה הָאבֶּען זֵייא נָאךְ גֶעזָאגְט דגול מרבבה אַזוֹיא אויךְ אונ פייט אדורי איומה הָאט דֶער חַזָן גֶעזָאגְט אדירי איומה יאדירו בקול ד׳ מלךְ הָאט דָאס קָהָל נָאךְ גֶעזָאגְט ה׳ מלךְ אונ אַזוֹיא בַּייא אַלֶע פיוטים. נָאר דֶער נָאךְ אונ שְׁפֶּעטֶערֶע יָאהְרֶען אַז עֶס אִיז נתרבה גֶעוָוארֶען דְרוּקֶען אונ יֶעדֶער אֵיינְצִיגֶער הָאט גֶעהַאט אונ מחזור אונ דוא פְרוּמֶע הָאבֶּען נִישְׁט גֶעוָואלְט אַז דֶער חַזָן זָאל זֵייא מוֹצִיא זַיין מִיט דוא פיוטים נָאר יֶעדֶער הָאט פַאר זִיךְ גֶעזָאגְט דיא פזמונים שְׁטִילֶערְהֵייט הָאבֶּען זֵייא גֶעזָאגְט אויךְ דֶעם פזמון וָואס דֶער חַזָן דַארְף זָאגֶען. שְׁטִילֶערְהֵייט אִין אַזוֹיא אֵיינְצִיגְוַוייז הָאבֶּען זֵייא זִיךְ גֶעוֵוייְנְט צוא זָאגֶען דָאס אויף דֶעם קוֹל דָאס אֵיינֶענֶע וָואס דֶער חַזָן הָאט שׁוֹין גֶעזָאגְט אִיבֶּער דֶעם אִיז פַאר קֶערְט גֶעוָוארֶען דֶער גַאנְצֶער סֵדֶר פון אַלֶע פיוטים בִּיז הַיינְט:

## דוּא טְעָמִים פוּן דוּא מִנְהָגִים וָואס זֶענֶען נוֹהֵג בַּייא הָאָר:

(א) דֶער טַעַם פון דֶעם מִנְהָג וָואס מֶען שֶׁערְט נִישְׁט אָב קֵיין קִינְד דיא הָאָר בִּיז דָאס קִינְד הֵייבְּט אָהְן צוא רֵיידֶען. וַוייל עֶס וֶוערְט גֶעבְּרֶענְגְט אונ דֶער גְמָרָא אַז דָאס קִינְד הֵייבְּט אָהְן צוא רֵיידֶען לֶערִינְט דֶער פָאטֶער דָאס קִינְד תורה צוה לנו משה אונ דֶעמָאלְס מַאכְט דֶער פָאטֶער דָאס קִינְד הֵיילִיג פַאר השי״ת וֶועגֶען אונ פָּסוּק שְׁטֵייט דָאס עֶרְשְׁטֶע וָואס שֶׁעהְרְסְט פון דַיינֶע שָׁאף זָאלְסְט גֶעבֶּען פַאר מַיינֶעט וֶועגֶען אונ דוא יִשְׂרָאֵל וֶוערֶען אָהְן גֶערוּפֶען שָׁאף. אִיבֶּער דֶעם אַז דָאס קִינְד הֵייבְּט אָהְן צוא רֵיידֶען דֶעמָאלְס בְּרֶענְגְט דֶער פָאטֶער דָאס קִינְד צוא אֵיין קְדוּשָׁה וָואס ײר לֶערִינְט מִיט אִיהְם תוֹרָה. נֶעמְט עֶר אַרָאפּ דוא הָאָר אִין דָאס גֶעלְט פ״זר דיא הָאָר שֶׁענְקְט מֶען צוא השי״ת אויף צְדָקָה. אויךְ הֵייבְּט עֶר אִיהְם שׁוֹין אָהְן מחנךְ צוא זַיין מִיט מִצְוֹת עֶר לָאזְט אִיהְם אִיבֶּער פֵּאוֹת אונ מַאכְט אִיהְם פַאר אֵיין יוּד עֶס זָאל יֶעדֶער עֶרְקֶענֶען אַז דָאס אִיז אַ יוּדִישׁ יוּנְגֶעל:

(ב) דֶער טַעַם פון דֶעם וָואס דוא הָאָר וָואס אֵיין מַאנְסְבִּיל אָדֶער אַ נְקֵבָה נֶעמֶען זִיךְ אַרָאב בֶּעהַאלְט מֶען זֵייא. נִישְׁט מֶען פַאר בְּרֶענְט זֵייא וַוייל אַז מֶען פַאר בְּרֶענְט הָאָר שָׁאט דָאס צוּם גוּף אויךְ צוא קָאפּ וֵוייטוּג אִין אַז

מָען נָועט זייא אַזָעלכע וואַרפֶען ,קען זַייא נָוער גֶעפונֶען ,קען מָען מיט דוא הָאָער בִּישוּף טוּהָן ח"ו :

## דֶער טַעַם פוּן נָאמֶען גֶעבֶען :

(א) דֶער טַעם פוּן דָעם דֶער וָואס הֵייסְט אפרים רִיפְט מֶען אִיהְם פִישֶׁל. וַוייל יעקב אבינו הָאט גֶעבֶּענְטְשׁ אפרים'ן אונ הָאט אִיהְם גֶעגְלֶעכִינְט צוּא אֵיין פִישֶׁל אוּנ וַואסֶער אוּנ ווייל אִין דֶער ברכה שְׁטֵייט אפרים פַאר מנשה אִיבֶּער דֶעם רִיפְט מֶען נָאר אפרים פִישֶׁל נִישְׁט מנשה :

(ב) דֶער טַעַם פוּן דֶעם וָואס דִיא בני תורה רִיפֶען נִישְׁט זֵייעֶרֶע וַוייבֶּער מִיט דוּא נָעהְמֶען נָאר עֶר זָאגְט מֵיין בַּעַל־הַבַּיִת׳טַע. וַוייל עֶס וָוערְט גֶעבְּרָענְגְט אִין דֶער גְמָרָא אַז אַ תנא הָאט גֶעזָאגְט אִיךְ הָאבּ קֵיין מָאהָל נִישְׁט אָהְן גֶערוּפֶען מֵיין וַוייבּ אֵיין אַנְדֶערֶען נָאהְמֶען נָאר מֵיין הוֹיז :

(ג) דֶער טַעַם וָואס מֶען רִיפְט דוּא מסכת ביצה ביעה. וַוייל דָאס וָוארְט בִּיצָה אִיז אֵיין בְּזִיוֹן צְווִישֶׁען מֶענְטְשֶׁען צוּא דַאכְטֶען אִיבֶּער דֶעם גוּט מֶען אֵיין נָאמֶען ביעה :

(ד) דֶער טַעַם פוּן דֶעם אַז בִּשְׁעַת וָוען מֶען שְׁטֵייט אוֹיס שׁמ"ע פַאר יהיו לרצון זָאגְט יֶעדֶער דֶעם פָּסוּק וָואס עֶר הֵייבְּט זִיךְ אָהְן אוּנ לָאזְט זִיךְ אוֹיס מִיט זַיין נָאמֶען. וַוייל דָאס אִיז אֵיין סְגוּלָה עֶר זָאל נִישְׁט פַאר גֶעסֶען אוּנ טָאג פוּן יוֹם הַדִין זַיין נָאהְמֶען :

## דוא טַעְמִים פוּן שָׁלוֹם :

(א) דֶער טַעַם פוּן דֶעם אַז אֵיינֶער טְרֶעפְט זַיין חָבֵר זָאגְט עֶר צוּא אִיהְם שָׁלוֹם עליכם אוּנ דֶער חָבֵר עֶנְטְפֶערְט אִיהְם עליכם שָׁלוֹם. וַוייל דָאס וָואס מֶען מֶעג מַזְכִּיר זַיין דֶעם שֵׁם דֶען שָׁלוֹם אִיז אַ שֵׁם לֶערְנֶען מִיר אָפּ פוּן בּוֹעַז. אַזוֹיא וִויא עֶס וָוערְט גֶעבְּרָענְגְט אִין מסכת ברכות אִין דָארְט שְׁטֵייט אַז בּוֹעַז הָאט זֵייא גֶעזָאגְט גָאט אִיז מִיט אַייךְ הָאבֶּען זַייא אִיהְם גִיעֶנְטְפֶערְט זָאלְסְט וָוערֶען גֶעבֶּענְטְשְׁט פוּן גָאט ע"ב טוּהְן מִיר אוֹיךְ אַזוֹיא וַוייל שָׁלוֹם אִיז דֶער נָאהְמֶען פוּן הקב"ה אִיבֶּער דָעם דֶער עֶרְשְׁטֶער וָואס גוּט זַיין חֶבֵר שָׁלוֹם מֶעג מזכיר זַיין פְרִיר דֶעם שֵׁם עֶר זָאל זָאגֶען שָׁלוֹם עליכם אָבֶּער זַיין חָבֵר וָואס עֶנְטְפֶערְט אִיהְם טָאהְר נִישְׁט בַּאלְד מזכיר זַיין דָעם שֵׁם אַזוֹ"א וִויא מִיר גֶעפוּנֶען בַּייא דִיא מֶענְטְשֶׁען פוּן בּוֹעַז ע"ב זָאגְט עֶר עליכם שָׁלוֹם :

(ב) דֶער טַעַם פוּן דֶעם מִנְהָג אַז עֶר גוּט שָׁלוֹם זַיין חֶבֵר זָאגְט עֶר שָׁלוֹם עליכם אִין דֶער חָבֵר עֶנְטְפֶערְט אִיהְם עליכם שָׁלוֹם אַלְץ בלשון רבים פַאר וָואס זָאגְט מֶען נִישְׁט בלשון יחיד שלום עליך. וַוייל עֶס וָוערְט גֶעבְּרָענְגְט אוּנ אלשיך הקדוש אַז וָואס הקב"ה הָאט גֶעזָאגְט צוּא פִּנְחָס'ן הנני נותן לו את בריתי שָׁלוֹם. אַז הקב"ה הָאט אִיהְם צוּא גֶעזָאגְט עֶס וָועט אִיהְם זַיין שָׁלוֹם אוּנ גוּף אִין נֶפֶשׁ אִין עֶר וָועט אֵייבִּיג לֶעבֶּען. אַזוֹיא וִויא עֶס שְׁטֵייט אַז פנחס אִיז אליהו אִיבֶּער דָעם בֶּענְטְשְׁט יֶעדֶער זַיין חָבֵר שָׁלוֹם עליהם אַ לשון רבים עֶר זָאל הָאבֶּען שָׁלוֹם דֶער גוּף מִיט דֶעם נֶפֶשׁ :

(ג) נָאךְ אַיין טַעַם קֶען מֶען זָאגֶען פַאר וָואס אֵיינֶער זָאגְט דֶעם צְוֵוייטֶען שלום

שלום עליכם אין ער ענטפערט איהם עליכם שלום ער זאגט „שלום עליכם" מיט א לשון שאלה. איינער פרעגט דעם צווייטען אויב דער גוף האט בייא איהם שלום מיט דעם נפש ווייל שטענדיג צום דעם וואס דער גוף גליסט גליסט נישט דאס נפש אונ צוא דעם וואס דאס נפש האט חשק האט דער גוף נישט קיין חשק אין דורך דעם איז נישט קיין שלום צווישען זייא איבער דעם האבען אונזערע חכמים מתקן געוועזען אז איינער זאל מזרז זיין דעם חבר ער זאל זעהן עס זאל זיין שלום צווישען דעם גוף מיט דער נשמה אין דער חבר ענטפערט איהם „עליכם שלום" אויך בלשון שאלה ער פרעגט איהם אויב עס איז בייא איהם שלום קען ער איהם שטראפען אונ אויב נישט וויא קען ער שטראפען זיין חבר:

(ד) דער טעם פון דעם וואס דיא וועלט זאגט אז אנאר גוט אונ א קליגער געמט מיינט מען אזויא אז א נאר גוט צדקה מיינט ער אז ער גוט אבער דער חכם ווייסט אז ער גוט צדקה געמט ער ווייל וויא פוהל דער עושר טוט צדקה מיט דעם ארימאן נאך מעהר טוט דער ארימאן מיט דעם עושר ·

# דיא מנהגים פון שבת שורה, שבת הגדול. שבת חזון. שבת נחמו. שבת שובה:

(א דער טעם פון דעם מנהג וואס מען זאגט אז שבת שירה שיט מען פאר דיא פייגעל קאשע, ווייל עס ווערט געברענגט אין ילקוט אויף דעם פסוק ויהי ביום השביעי יצאו מן העם ללקוט ולא מצאו דאס איז דער פשט אין זיבעטען טאג דאס מיינט מע' שבת זענען ארויס געגאנגען טהייל פון פאלק קלויבען מן אין זייא האבען נישט געפונען. איז שוער דער פסוק עס האט געדארפט צוא שטיין עס איז נישט געוועזען וואס שטייט זייא האבען נישט געפונען. נאר ווייל דתן ואבירם זענען ארויס געגאנגען פרייטוג צונאכטס אין זייא האבען פאר שפרייט פון אויסענוויינוג פון דער מחנה פון דעם מן וואס זייא האבען צוא זאמען גענומען פרייטיג כדי זייא זאללען קענען מכחיש זיין משה רבינו וואס ער האט זייא געזאגט אז אין שבת וועט נישט געפונען ווערען קיין מן אונ זייא האבען געזאגט צום פאלק גייט ארויס וועט איהר זעהן אז עס געפונט זיך מן אויף דעם פעלד איבער דעם זענען א טהייל ארויס געגאנגען אויף קלויבען אונ זייא האבען געזוכט אבער זייא האבען נישט געפונען ווייל דיא פייגעל האבען אויף געגעסען דעם מן איבער דעם גוט מען דוא פייגעל זייער שכר דורך דעם זכר. אונ שבת שירה לייענט מען דיא פרשה פון מן גוט מען זייא זייער לוין אין דעם שבת:

(ב) דער טעם וואס מען ריפט דעם שבת וואס איז פאר פסח שבת הגדול ווייל אין דעם שבת איז דיא יודען געשעהן אין מצרים איין גרויס נס וואס דיא בכורים פון מצרים האבען געהרגעט זייערע פעהטערס:

(ג) נאך איין טעם ווייל אונ דעם שבת זאגט מען איין דרשה אונ מען איז מאריך אונ דער דרשה כדי מען זאל דעם עולם מודיע זיין דיא דינים פון פסח ריפט מען איהם שבת הגדול. אויך ווערט געברענגט אונ מהרי"ל אז

דיא

דיא היינטיגע צייטען דארף מען נישט מאכען קיין הסיבה פסח ביא נאכט ווייל איין גאנץ יאהר איז מען זיך נישט נוהג צוא עסען אהן גילעהנטערהייט אז מען וועט מאכען אצונד א הסיבה וועט אוים זעהן גלייך וויא ער וואלט געוועזען נישט געזונד איז דאס נישט קיין דרך חירות :

(ד) נאך איין טעם וואס דער שבת הייסט שבת הגדול ווייל אונ דעם שבת זענען זייא געוואהר געווארען אונ מצרים איין זאך וואס דאס איז געוועזען ביא זייא איין ספק אז זייא האבען מקיים געוועזען דיא תורה איידער זיא איז געגעבען געווארען. צוא האבען זייא איין דין פון א בן נח צוא וויא א ישראל. דעם שבת זענען זייא געוואהר געווארען אז זייא האבען איין דין וויא א ישראל איבער דעם האבען זייא געקענט אב היטען דעם שבת נישט צוא טוהן קיין מלאכה ווייל ביז אהער אז זייא איז געוועזען איין ספק האבען זייא נישט געטארט אב היטען דעם שבת ווייל דער דין איז א בן נח רוהט אונ שבת איז ער חייב מיתה אבער אצונד אז השי"ת האט זייא געזאגט משכו וקחו לכם אז זייא מוזען טוהן איין משיכה זייא זאלען קונה זיין דאס שעפאלע אויף א קרבן פסח אונ זייא דארפען צוא בעצאהלען דערפאר געלד ווייל דאס איז איין דבר מצוה ממילא האבען זייא שוין געמוזט ריהען דעם שבת איז ביא זייא געוועזען דער טאג גרוים איבער דעם הייסט ער שבת הגדול :

(ה) דער טעם וואס דער שבת פאר ט' באב ריפט מען שבת חזון איבער דער הפטורה. אויף שבת נחמו איז ריכטיג וואס כיען ריפט דעם שבת אויף דעם נאמען פון דער הפטורה ווייל איבער דעם טרייסטונג וואס עם שטייט אונ דער הפטורה. אבער שבת חזון וואס איז דער טעם. נאר ווייל עם ווערט געברענגט אונ מדרש עם איז נישט געוועזען נאך אזעלכע יו"ט ביא יודען וויא ט' באב וכו' ווייל אללע טעג וואס עם איז געוועזען אונ זייא איין צרה ר"ל איז געווארען איין יו"ט אזויא שטייט אויך אין פסוק עוד חזון למועד איז דער פשט אז שבת חזון וועט נאך ווערען איין יו"ט ווערט דער שבת אויך אהן גערופען איבער דעם טרייסטען וואס עם וועט שפעטער זיין אונ דעם שבת :

(ו) דער טעם וואס מען ריפט דעם שבת צווישען ר"ה יוהכ"פ שבת שובה ווייל דורך דעם שבת וועללען מיר תשובה טוהן צוא השי"ת, ווייל שבת איז א סגולה צוא תשובה. אזויא וויא מיר געפונען ביא אדה"ר מיט קין. אין דיא ר"ת פון שב"ת איז 'שבת 'בו 'תשוב אונ דער וואס היט אב דעם שבת איז מען איהם מוחל דיא זונד איבער דעם ריפט מען דעם שבת. שבת תשובה :

(ז) דער טעם פון דעם מנהג וואס מען עסט נישט קיין קעז אונ ערב שבת ווייל ביא נאכט וועט ער געווים עסען פלייש לכבוד שבת האט מען גוזר געוועזען איבער דוא קליינע טעג אונ וויינטער וואס טאמער וועט ער עסען דארען קעז דארף מען צוא ווארטען נאך דעם אז מען וויל עסען פלייש זעקס שעה קען מען דורך דעם מונע זיין זיך פון צוא עסען דוא סעודה לכבוד שבת אדער ער קען פאר געסען אין עסען פאר זעקס שעה איבער דעם האט מען געמאכט א תקנה אז מען זאל פרייטוג נישט עסען קעז אפילו זומער וואס דוא טעג זענען גענוג גרוים :

מען

(ח) דער טעם וואס מען זאגט שיר השירים אום ערב שבת. ווייל אין שיר השירים געפונט זיך הונדערט אונ זיבעצען פסוקים אזוי פיהל וויא שעה יעדע וואך האט ווייל אללע טאג האבען זייא מנוחה פיהר שעה אונ פרייטיג פון זייגער צוועלף האבעי זייא אויך מנוחה אין מוצ"ש האבען זייא אויך איין שעה מנוחה איבער תוספות שבת בלייבט איבער הונדערט אונ זיבעצען שעה) איבער דעם זאגט מען שה"ש אז מען זאל ניצול ווערען פון דעם דין פון גיהנם:

(ט) דער טעם וואס מען לייגט חלות אויף דעם טיש פרייטיג פאר נאכט כדי מען זאל מעגין דעם טיש מטלטל זיין אונ שבת ווארום אז מען וועט נישט לייגען קיין חלות וועט דער טיש ווערען איין בסוס לדבר אכור אונ דער טיש וועט ווערען מוקצה אבער אז מען לייגט דוא חלות פאר שבת ווערט דער טיש נישט בטל צוא דוא לעכט נאר צוא דיא חלות מעג מען שוין דעם טיש מטלטל זיין:

(י) נאך איין טעם וואס מען גרייט צום טיש פאר שבת. ווייל אונ פסוק שטייט והיה ביום הששי והכינו את אשר יביאו איז דער פשט אונ זעכסטען טאג דאס מיינט מען פרייטיג דארף מען אהן גרייטען אויף שבת אין מען זאל זיין גרייט אונ מען זאל ווארטען אויף דעם שבת; אזויא וויא דער שבת קומט אהן זאל מען איהם מקבל זיין מיט גרוים כבוד אזויא וויא מען איז מקבל איין מלך:

(יא) דער טעם פון דעם וואס מען איז זיך נוהג צוא פאר זיכען אונ ערב שבת אללע מאכלים וואס מען גרייט אהז לכבוד שבת ווייל עס שטייט טועמיה חיים זכו:

(יב) דער טעם פון דעם וואס מען זאגט דאס קאפיטעל הודו פון תהלים ק"ז פרייטיג פאר מנחה. ווייל אין דעם קאפיטעל שטייט אוים גערעכינט דיא פיהר מענטשען וואס דארפען לויבען השי"ת אין עס איז נישט דא איין מענטש וואס דוא וואך זאל עס דורך גיין אהן נסים נאר דער בעל הנס ערקענט גישט זיין נס איבער דעם זאגט מען הודו:

(יג) דער טעם פון דעם מנהג וואס ווייבער איבער דעקען זיך דאס פנים בשעת זייא בענטשען ליכט פרייטיג פאר נאכט ווייל אממעהרסטען צונד מען ליכט ווען עס איז נאך גרויסער טאג אונ זייא מאכען דוא ברכה פאר ביהמ"ש אונ יעדע ברכה דארף מען מאכען איידער מען טוט דוא מצוה איבער דעם דעקט זיא זיך צוא דאס פנים זיא זאל נישט קענען זעהן דוא שיין אונ דיא ברכה איידער זיא טוט דיא מצוה:

(יד) נאך איין טעם וואס זיא בעדעקט זיך דאס פנים ווייל זיא האט פאר לאשין דאס ליכט פון דער וועלט איבער דעם דעקט זיא זיך צוא דאס פנים איבער בושה:

(טו) דער טעם וואס מען דעקט צוא דיא חלות אונ שבת פאר קידוש כדי מען זאל נישט מבייש זיין דיא חלות וואס מען מאכט נישט איבער זייא קידוש נאר איבער וויין:

(טז) נאך איין טעם וואס מען לייגט איין טישטוך אונטער דיא חלות אונ פון אויבען. אין דיא חלות אונ דער מיט דאס איז איין זכר אויף דעם מן וואס פון אונטען איז געוועזען טל אין פון אויבען טל אונ דער מן אין מיט. אין דער טעם וואס מען מאכט אונ שבת א זכר אויף דעם מן דער מן איז

דאך נישט געהערען אונ שבת. נאר עס ווערט געברענגט אונ זוהר הקדוש אז דיא השפעה וואס עס איז דיא גאנצע וואך איז נאר דורך דעם שבת:

(יז) דער טעם פון דעם וואס אונ שוהל איז דער חזן מקבל שבת אויף דער בימה וואס זיא שטייט אונ מיט שוהל נישט בייא דעם עמוד. ווייל פאר צייטענס איז געוועזען איין מנהג מען איז געגאנגען מקבל שבת זיין אויסער דער שטאט. אזויא וויא מיר געפונען אונ דער גמרא איין תנא האט געזאגט צוא זיין חבר קום וועלען מיר אקעגען גיין דער שבת מלכתא. איבער דעם גייט דער חזן אויך אויף דער בימה וואס זיא איז ניט ווייט פון דער טוהר. איבער דעם זעלבען טעם קעהרען זיך איהם דאס גאנצע ציבור מיט דעם פנים צוא דער טוהר בשעת מען זאגט בואי בשלום מען זאל ווייזען אז מען גייט א קעגען מקבל צוא זיין דוא שבת מלכתא:

(יח) דער טעם וואס מען זאגט נישט ויהי רחום אונ שבת בייא מערב ווייל אונ דער וואכען זאגט מען עס פאר מערב דען פאר צייטענס ווער עס איז מחויב געוועזען מלקות האט מען איהם געשלאגען פאר מערב אבער פרייטאג פאר נאכט שלאגט מען נישט קיין מלקות קומט נישט צוא זאגען ויהי רחום:

(יט) דער טעם וואס מען זאגט במה מדליקין שבת בייא נאכט נאך שמ"ע. ווייל מען האט געזאגט ויכולו דאס איז תורה זאגט מען במה מדליקין מחבר צוא זיין תורה שבע"פ מיט תורה שבכתב. נאך איין טעם וואס מען זאגט במה מדליקין כדי מען זאל מקיים זיין דוא מצוה פון הדלקת הנר מיט מעשה. אונ. דיבור. מחשבה:

(כ) דער טעם פון דעם וואס מען זאגט נישט ברוך ד' לעולם אמן אונ שבת בייא נאכט ווייל מען האט דאס מתקן געוועזען צוא זאגען בשעת עס איז געוועזען דוא גזירה אז מען זאל נישט זאגען דוא תפילת שמ"ע איבער דעם האט מען דאס מתקן געוועזען ווייל עס געפונט זיך אונ דעם אכצעהן אזכרות הייגט חאמש דיא גזירה איז בטל געווארען איז ווייטער געבליבען דוא תקנה מען זאל עס זאגען האט מען געמאכט איין היכר אונ שבת נישט צוא זאגען דאס כדי מען זאל נישט מפסיק זיין צווישען גאולה אונ תפלה:

(כא) נאך איין טעם וואס מען זאגט נישט ברוך ד' לעולם אונ שבת ווייל מען האט דאס מתקן געוועזען צוא זאגען דען ווייערע שוהלען זענען געוועזען אונטער דער שטאט אונ אפשר פאר שפעהטיגט זיך ווער איבער דער צייט וואס דאס קהל זאגט ברוך ד' לעולם קען ער דאווינען ער זאל זאגען שמ"ע גלייך מיט דעם קהל אבער אונ שבת פאר שפעטיגט נישט קיינער:

(כב) דער טעם פון דעם וואס אז דער חזן מאכט קידוש אונ שוהל פאר זוכט נישט דער חזן פון קידוש נאר מען גיט עס קינדער אוים צוא טרינקען ווייל דער קידוש אונ שוהל איז נאר אויף דעם אז אורחים זאלען יוצא זיין מיט דעם קידוש:

(כג) דער טעם פון דעם וואס אין שבת זאגט מען אין קידוש אשר קדשנו אהן יו"ט זאגט מען אשר בחר בנו ווייל יו"ט דאס הענגט אונ דעם
וואס

וואס דאס ב״ד איז קובע דעם זמן זאגט מען אע״ר בחר בנו אבער שבת איז דוא קרושה קבועה פון צייט דיא וועלט איז בעשאפען געווארען:

(כד) דער טעם פון דעם וואס אז דער חזן מאכט קידוש אונ שוהל הייבט ער נישט אהן יום הששי ויכולו. ווייל מען האט שוין געזאגט צווייא מאהל ויכולו אויך טאהר מען נישט מפסיק זיין אונ מיט פסוק יום הששי פאר דעם קהל אונ אז ער וועט אהן הייבען ויכולו וועט ער מאכען איין הפסק אין שם הויה וואס געפונט זיך אונ פסוק ביום הששי ויכולו השמים:

(כה) דער טעם וואס פרייטוג צוא נאכטס זאגט מען גוט שבת. נישט גוט נאכט אזויא וויא אללע נאכט. ווייל אונ שבת איז גאהר קיין נאכט נישט דען עס איז גאנצען ליכט:

(כו) דער טעם וואס אונ שבת נאך דעם דאווינען זאגט איינער דעם אנדערען גוט שבת. איין רמז מיר זאללען זוכה זיין צום שבת שכולו טוב ומנוחה לחיי עולמים:

(כז) דער טעם פון דעם וואס אין שבת בייא מנחה זאגט מען נישט גוט שבת. ווייל אונ שבת צוא מנחה זענען נסתלק געווארען דרייא צדיקים יוסף משה דוד. אונ מיר זאגען דרייא פסוקים פון צידוק הדין אין מיר ווייזען אזויא וויא אבילות אונ א אבל זאגט מען נישט גוט שבת:

(כח) דער טעם פון דעם מנהג וואס מען מאכט לכבוד שבת איין מאכל מעהר וויא אללע טאג אונ מען ריפט עס צומעס. ווייל צומעס איז טייטש בעהעפטען דאס איז איין רמז אז אונ שבת ווערען צוא זאממען געקניפט הקב״ה אונ שבת אונ דיא ישראל:

(כט) דער טעם פון דעם וואס מען איז זיך נוהג אז פרייטוג צוא נאכטס אז עס טריפט פון איין לעכט שטעלט מען אונטער איין חלה אדער איין ספר דאס מאכט מען איין סימן ער זאל זיך דערמאנען אז היינט איז שבת אונ ער זאל נישט גלייך מאכען דאס לעכט. אויך איז דאס איין סגולה בדוקה ומנוסה אז מען האלט א חלה אדער איין ספר אז דוא לעכט זאללען נישט טריפען ווייל דער זכות פון שבת איז מגין. אויך איז איין סגולה אונטער צוא שטעלען איין כלי אונטער דיא לעכט:

(ל) דער טעם פון דעם וואס מען איז זיך נוהג צוא שטעלען טשאלינט אונ שבת אונ ווער עס עסט נישט אונ שבת קיין טשאלינט דארף מען איהם בודק זיין צוא ער איז נישט קיין מין. ווייל עס ווערט געברענגט אונ מדרש ויברך את יום השביעי מיט וואס האט ער געבענטשט דעם שבת ר״א בשם ר׳ יוסי זאגט אז דער שבת איז געבענטשט איבער דוא איידעלע מענטשען אז דוא מאכלים וואס מען גרייט אהן לכבוד שבת זאללען האבען איין טעם פון פרישע שפייזען ווייל מענכעם מאהל זענען דוא מאכלים אויווען אכצען שעה וואס אונ א וואכעדיגען טאג וואלט עס געשאט צום גוף. ווייל דוא מאכלים זענען לכבוד שבת ריהט איף זייא דוא ברכה אונ מען פיהלט כל מיני מטעמים אונ דעם עסען אונ זייא זענען גוט צום גוף אין נפש אונ ווער עס עסט זייא וועט זוכה זיין צוא תחיית המתים. ווער עס גלויבט אונ דעם דער פיהלט דאס בחוש:

(לא) נאך איין טעם פון דעם מנהג וואס מען עסט אונ שבת טשאלינט

מען

מְען מַאכְט אֵיין זֵכֶר אויף דֶעם מַן דֶער מַן אַז מֶען הָאט אִיהְם גֶעלָאזְט פוּן אֵיין טָאג אויף דֶעם צְווייטֶען אִיז עֶר צוּגֶאנְגֶען אוּנ עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען פוּהְל מִיט וֶועְרִים אָבֶּער שַׁבָּת וָואס מֶען הָאט אִיבֶּער גֶעלָאזְט פוּן פְרַייטָאג אִיז נִישְׁט קַאלְיֶע גֶעוָוארְען אוּנ עֶס אִיז נִישְׁט גֶעוֶועזֶען קֵיין וֶועְרִים אדרבא מֶען הָאט גֶעשְׁפִּירְט אוּנ דֶעם מַן אֵיין גוּטֶען גֶעשְׁמַאק מֶעהְר וִויא אַ גַאנְצֶע וָואךְ אִיבֶּער דֶעם מַאכְט מֶען אַ זֵכֶר אוּנ מֶען שְׁטֶעלְט טְשָׁאלִינְט פֶערְשִׁידֶענֶע פֶעטֶע מאכלים אוּנ אַ פַארְמַאכְטֶען אוֹיוֶוען וָואס עפ״י דרך הטבע וָואלְט דָאס מאכל גֶעדַארְפְט נִישְׁט צוּא הָאבֶּען קֵיין גוּטֶען טַעַם אוּנ עֶס זָאל זַיין גֶעפֶעהְרְלִיךְ צוּם גוּף. אָבֶּער מִיר זֶעהְן דוּךְ אַז טוֹיזֶענְטֶער יָאהְרֶען עֶסֶען מִיר דוּא מאכלים אַלֶע שַׁבָּת אוּנ עֶס הָאט נָאךְ ח״ו נִישְׁט גֶעשַׁאט אדרבא דָאס אִיז נָאךְ אֵיין רפואה פַאר דֶעם גוּף אוּנ עֶס גִיט אַ חיות אויף אַ גַאנְצֶע וָואךְ. נָאר וֶועהְר עֶס גְלֵייבְּט נִישְׁט אוּנ דֶעם קֶען אִיהְם דָאס טְשָׁאלִינְט גֶעוִוים שַׁאטֶען :

(לב) דֶער טַעַם פוּן דֶעם מִנְהָג וָואס מֶען זָאגְט שלום עליכם דְרַייא מָאהְל פְרַייטָאג צוּא נַאכְטְס וֶוען מֶען קוּמְט פוּן שׁוּהְל. וַוייל עֶס בֶּעלַייטְ אִיהְם צְווייא מלאכים פוּן שׁוּהְל אַהֵיים זַייא זָאלֶען זֶעהְן אוֹיבּ עֶר הָאט גֶעגְרַייט צוּם טִישׁ אִין אָהְן גֶעצוּנְדֶען לֶעכְט וֶועלֶען זַייא אִיהְם בֶּענְטְשֶׁען אִיבֶּער דֶעם זָאגְט עֶר צוּא דִיא מלאכים אִיהְר זֶענְט גֶעשִׁיקְט גֶעוָוארְען פוּן הקב״ה צוּא זֶעהְן אוֹיבּ אִיךְ הָאבּ מִיךְ מֵכִין גֶעוֶועזֶען לכבוד שבת זֶעהְט אַז אִיךְ הָאבּ גָאהְר גִיט פַאר פֶעהְלְט. אִיבֶּער דֶעם זָאלְט אִיהְר מִיךְ בֶּענְטְשֶׁען אַזוֹיא וִויא עֶס אִיז אויף אַייךְ מוּטָל. אוּנ אַייעֶר אַרוֹיס גֵיין זָאל אוֹיךְ זַיין מִיט שָׁלוֹם אָהְן אֵיין קִטְרוּג ח״ו אַז אִיהְר וֶועט קוּמֶען פַאר הקב״ה אוּנ השי״ת זָאל מִיךְ אוֹיךְ בֶּענְטְשֶׁען :

(לג) דֶער טַעַם וָואס מֶען זָאגְט זמירות. שַׁבָּת בַּייא דֶ׳ים עֶסֶען. וַוייל עֶס וֶוערְט גֶעבְּרֶענְגְט אוּנ מדרש שה״ש אַז דֶער שְׁטַייגֶער פוּן דוּא ישׂראל אַז זַייא עֶסֶען אָפּ אִין שַׁבָּת דִיא סְעוּדָה זֶענֶען זַייא עוֹסֵק אִין שירות ותשבחות :

(לד) דֶער טַעַם וָואס מֶען טְרִינְקְט נִישְׁט אפילו קֵיין וַואסֶער פְרַייטָאג צוּא נַאכְטְס פַאר קִידוּשׁ וַוייל דִיא נְשָׁמוֹת שֶׁעלְטֶען דֶעם וָואס טְרִינְקְט פַאר קִידוּשׁ :

(לה) דֶער טַעַם פוּן דֶעם וָואס מֶען אִיז זִיךְ נוֹהֵג צוּא שְׁלָאפֶען אִין שַׁבָּת לֶענְגֶער וִויא אַ גַאנְצֶע וָואךְ וַוייל דִיא ר״ת פוּן שב״ת אִיז. שֵׁינָה בְּשַׁבָּת. תַּעֲנוּג. אִין אַלֶע טָאג שְׁטֵייט בַּייא דֶעם קָרְבַּן תָּמִיד וָואס מֶען הָאט מקריב גֶעוֶועזֶען אִין דֶער פְרִיה בבוקר אִין שַׁבָּת שְׁטֵייט נִישְׁט בבוקר נָאר וּבְיוֹם הַשַּׁבָּת :

(לו) דֶער טַעַם פוּן דֶעם וָואס מֶען זָאגְט אִין שַׁבָּת פַאר פתיחת הארון. אתה הראית לדעת. וַוייל אִין שַׁבָּת אִיז גֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען דִיא תּוֹרָה אִין בשעת מתן תורה הָאט השי״ת גִיעֶפִינְט אַלֶע הִימְלֶען אִין הָאט גֶעוִויזֶען אַז עֶס אִיז נִישְׁט דָא קֵיין אַנְדֶערֶער בַּאשֶׁעפֶער חוּץ השי״ת :

(לז) דֶער טַעַם פַאר וָואס מֶען זָאגְט נִישְׁט ובא לציון אִין שבת שחרית נָאר בַּייא מנחה וַוייל דִיא קדישא דסדרא הָאט מֶען מתקן גֶעוֶועזֶען אִיבֶּער דִיא מֶענְטְשֶׁען וָואס זַייא פַאר שְׁפֶּעהְטִיגֶען זִיךְ אִין קוּמֶען אוּנ שׁוּהְל אַרַיין

נאך

נָאךְ שמ״ע הָאבְּן זַייא נִישְׁט גִיהֶערְט קַיין קדושה זֶענֶען זַייא מִיט דֶעם יוֹצֵא אָבֶּער אונ שַׁבָּת אִין יו״ט קוּמְט יֶעדֶער דַאוְוינֶען פַאר שמ״ע דַארְף מֶען נִישְׁט צוא זָאגֶען דִיא קדישא דסידרא :

(לח) דֶער טַעַם וָואס מֶען זָאגְט אונ דֶער קדושה פוּן מוּסַף שמע ישראל אני ד׳ אלהיכם. נָאר וַוייל עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אֵיין גְזֵירָה אוֹיף דִיא ישראל אַז מֶען זָאל נִישְׁט זָאגֶען קריאת שמע הָאט מֶען מתקן גֶעוֶועזֶען מֶען זָאל עֶס זָאגֶען צוא זַאמֶען מִיט דֶער קדושה כדי זַייא זָאלֶען נִישְׁט מרגיש זַיין אִיבֶּער דֶעם זָאגְט מֶען אוֹיךְ אני ד׳ אלקיכם כדי עֶס זָאל זַיין דֶער אָהְן הֵייבּ פוּן ק״ש אוּן דֶער סוֹף. אִין פַאר צַייטֶענְס אִיז גֶעוֶועזֶען דִיא תקנה מֶען זָאל עֶס זָאגֶען בַּייא יֶעדֶער שמ״ע הן אִין דֶער וָואכֶען הן אִין שַׁבָּת נָאר אַז עֶס אִיז בָּטֵל גֶעוָוארֶען דִיא גזירה הָאט מֶען אוֹיךְ מְבַטֵל גֶעוֶועזֶען מֶען זָאל עֶס מֶעהְר נִישְׁט זָאגֶען נָאר בְּלוֹיז אִין שַׁבָּת בַּייא מוּסַף אִיבֶּער צְוַוייא טעמים אֵיינְס וַוייל אִין שַׁבָּת מוּסַף אִיז נִישְׁט דָא קֵיין ק״ש צְוַוייטֶענְס כדי דָאס גָם זָאל נתפרסם וֶוערֶען אוֹיף דורות מֶען זָאל גֶעבֶּען אֵיין שֶׁבַח צוא השי״ת פַאר דֶעם נֵס וָואס עֶס אִיז גֶעשֶׁעהְן :

(לט) דֶער טַעַם פוּן דֶעם מִנְהָג וָואס מֶען עֶסְט אונ שַׁבָּת צִיבֶּעלִים מִיט אֵייעֶר אִין אַרְבִּים. מֶען מַאכְט אֵיין זֵכֶר אוֹיף דֶעם אבילות פוּן דֶער פטירה פוּן מרע״ה דֶען עֶר אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען אִין שַׁבָּת אִיבֶּער דֶעם עֶסְט מֶען דְרַייא זַאכֶען פַאר אֵיין זֵכֶר אוֹיף דְרַייא צדיקים וָואס זֶענֶען גֶעשְׁטָארְבֶּען אִין שַׁבָּת משה דוד יוסף :

(מ) נָאךְ אֵיין טַעַם וָואס מֶען עֶסְט צִיבֶּעלִים אִין שַׁבָּת וָוארוּם אַ מֶענְטְשׁ אִיז מְחוּיָב מענג צוא זַיין דֶעם שַׁבָּת מִיט אַלֶע מיני תענוגים אִין מֶען זָאל מַאכֶען אֵיין שינוי וִויא אַ גַאנְצֶע וָואךְ אַז דִיא ישראל הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען אִין דֶער מדבר דֶעם מַן הָאבֶּען זַייא גֶעשְׁפִּירְט אונ דֶעם מַן אֵיין טַעַם פוּן פֶערְשִׁידֶענֶע מאכלים מִיט וָואס הָאבֶּען זַייא גֶעקֶענְט מוֹסִיף זַיין לכבוד שבת פַאר אַ מטעמים מוּזֶען מִיר זָאגֶען אַז אִין שַׁבָּת הָאבֶּען זַייא מוֹסִיף גֶעוֶועזֶען וָואס זַייא הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען צִיבֶּעלִים לכבוד שבת. וַוייל אִין דֶעם מַן הָאט מֶען גֶעפִיהְלְט אַלֶע טעמים הוּץ פוּן צִיבֶּעלִים אונ קְנָאבֶּעל וָואס דֶער מַן הָאט נִישְׁט גֶעהַאט דֶעם טַעַם הָאבֶּען זַייא דָאס מוֹסִיף גֶעוֶועזֶען לכבוד שבת אִיבֶּער דֶעם מַאכֶען מִיר אֵיין זֵכֶר וָואס מֶען עֶסְט אונ שַׁבָּת צִיבֶּעלִים :

(מא) דֶער טַעַם פוּן דֶעם וָואס אונ דֶער ספירה זָאגְט מֶען אב הרחמים אפילו וֶוען מֶען בֶּענְטְשְׁט ר״ח אונ דִיא בין המצרים אַז מֶען בֶּענְטְשְׁט ר״ח זָאגְט מֶען נִישְׁט אב הרחמים. וַוייל פַאר השי״ת אִיז גְרֶעסֶער דָאס שְׁטַארְבֶּען פוּן דוא צדיקים וִויא דָאס חרבן ביהמ״ק אונ דֶער ספירה זֶענֶען אויס גֶעשְׁטָארְבֶּען פִיר אונ צְוָואנְצִיג טוֹיזֶענְט תלמידים :

(מב) דֶער טַעַם פוּן דֶעם וָואס דוא דְרִיטֶע סְעוּדָה וָואס מֶען עֶסְט שבת רִיפְט מֶען שלוש סעודות פַאר וָואס וֶוערְט זִיא נִישְׁט אָהְן גֶערוּפֶען סְעוּדָה שלישית. וַוייל דֶער עִיקָר וָואס מֶען אִיז מְקַיֵים דוא סְעוּדָה לכבוד שבת עֶרְקֶענְט מֶען נָאר בַּייא דֶער סְעוּדָה וַוייל דוא עֶרְשְׁטֶע סְעוּדָה אוֹיךְ דוא צְוַוייטֶע הָאט עֶר גְלִיסְט צוא עֶסֶען אונ עֶר הָאט הנאה וָוערְט נִישְׁט עֶרְקֶענְט אַז עֶר עֶסְט לכבוד שבת אָבֶּער בַּייא דֶער דְרִיטֶער סְעוּדָה הָאט

עֶר

ער נישט קיין הנאה פון דעם עסען נאר ער עסט בלויז לשם שמים . אונ דוא מצוה ווערט נאר אהן גערופען ווען מען איז זיא גומר איבער דעם וועגען אלע סעודות אהן גערופען אויף דער סעודה :

(מג) דער טעם וואס דער קידוש וואס מען מאכט שבת אונ דער פריא ריפט מען קדושא רבא ווייל דוא מצוה פון דעם קידוש איז קלענער פון דער מצוה פון קידוש פון ביינא נאכט . ווייל דער קידוש איז נישט מן התורה איבער דעם ריפט מען דעם קידוש קידושא רבא בלשון סגי נהור :

(מד) נאך איין טעם וואס דער קידוש . ווערט גערופען קידושא רבא . ווייל דער קידוש מעג זיין פון אנדערע משקאות חוץ וויין אבער דער קידוש פון ביינא נאכט מוז קומען נאר איבער וויין הייסט עס קידושא רבא :

(מה) דער טעם פון דעם וואס אין שבת ביינא מנחה זאגט מען ואני תפלתי אבער אין יו"ט זאגט מען נישט ביינא מנחה ואני תפלתי ווייל אין יו"ט איז שכיח שכרות אין א שיכור טאהר נישט מתפלל זיין אבער אין שבת ביינא מנחה טאהר מען נישט קובע זיין קיין סעודה איז נישט שכיח קיין שכרות קען מען זאגען ואני תפלתי אויך אונ יו"ט ליינט מען נישט אונ אונ ספר ביינא מנחה :

(מו) נאך איין טעם וואס מען זאגט ואני תפלתי ווייל דוא או"ה אז זייא עסען אב טרינקען זייא זיך אהן אונ שיכערען זיך אהן אבער מיר טוהן נישט אזויא חאטש אונז האבען געגעסען אין געטרונקען פון דעסט וועגען טוהן מיר מתפלל זיין איבער דעם זאגט מען ואני תפלתי :

(מז) דער טעם פון דעם וואס מען זאגט ובא לציון גואל שבת ביינא מנחה ווייל דיא יודען וועלען אוים געלייזט ווערען שבת ביינא מנחה :

(מח) דער טעם פון דעם וואס מען זאגט ביינא מנחה צדקתך צדק דיא דרייא פסוקים פון צידוק הדין אויף דיא דרייא צדיקים וואס זענען געשטארבען שבת ביינא מנחה אונ אז עס שטארבט איין חכם ווערט בטל זיין ביהמ"ד איבער דעם האט מען נישט קובע געוועזען צוא לערנען איין שיעור קבוע שבת ביינא מנחה . איבער דעם אבילות פון דיא דרייא צדיקים . אויך איבער דעם זאגט מען נישט קדיש פאר ויהי רחום אין מוצאי שבת אזויא וויא אין דער וואכען . ווייל דער קדיש איז נאר ווייל מען טאהר זיך נישט שטעלען דאווינען נאר אז מען האט פריר געלערינט תורה עטליכע פסוקים זאגט מען נאך דעם קדיש אבער שבת ביינא מנחה ווייל מען איז נישט קובע צוא תורה איבער דעם זאגט מען נישט קיין קדיש :

(מט) דער טעם פון דעם וואס אונ ווינטער זאגט מען שבת ברכי נפשי אונ זימער זאגט מען אין שבת פרק . ווייל דיא וועלט איז בעשאפען געווארען אין ר"ח תשרי וואס דער חודש איז דער ערשטער פון דיא ווינטערטיגע חדשים אונ ברכי נפשי שטייט אוים גערעכינט כסדר דיא מעשה בראשית געהער דאס אין ווינטער אבער אונ פרק שטייט קבלת התורה עס הייבט זיך אהן דער ערשטער פרק משה קיבל תורה מסיני אין דיא תורה איז געגעבען ר"ח סיון אין זימער איבער דעם זאגט מען פרק אין זימער :

(נ) נאך איין טעם וואס מען זאגט ברכי נפשי אין ווינטער ווייל עס ווערט געברענגט אז דוד המלך ע"ה האט געבעטען אויף דעם שנייא ער זאל אראפ נידערען אויף דער וועלט אין ווינטער גיים שנייא אונ ברכי נפשי

שטייט

שטייט דאס אלעס אוים געררעכענט איבער דעם זאגט מען עס אין ווינטער אונ פסח הערט מען אויף צוא בעטען אויף רעגען איבער דעם הערט מען אויף צוא זאגען ברכי נפשי:

(נא) נאך איין טעם וואס מען זאגט ברכי נפשי אין ווינטער ווייל יעקב אבינו האט דאס געזאגט בשעת ער איז געוועזין ביא לבן אין שטוב אונ דיא קעלטען ביא נאכט האט ער געזאגט דעם מזמור:

(נב) נאך איין טעם וואס מען זאגט אונ זומער פרק ווייל עס איז דורך געגאנגען דיא יודען א גאנצער זומער מיט קבלת התורה דען מרע"ה איז געוועזען אונ הימעל נאך דיא לוחות פון שבועות ביז מוציוה"כ:

(נג) דער טעם וואס מען טרינקט נישט קיין וואסער אין מוצאי שבת פאר הבדלה ווייל עס איז איין סכנה צוא טרינקען פאר הבדלה:

(נד) נאך איין טעם וואס מען טרינקט נישט קיין וואסער פאר הבדלה כדי מען זאל טרינקען נאך הבדלה וואסער מיט דארשט פון א ברינע. ווייל אונ מוצ"ש איז אונ אלע טייכען דא וואסער פון דער ברינע פון מרים דאס איז איין גרויסע רפואה:

(נה) דער טעם פון דעם מנהג וואס ביא דיא ספרדים איז מען זיך נוהג מען איז מאריך מיט זמירות מוצאי ש"ק לאנג אין דער נאכט כדי מען זאל בעלייטען דוא שבת מלכתא מיט געזאנג:

(נו) דער טעם פון דעם וואס מען איז מאריך מיט א ניגון בשעת מען זאגט ויהי רחום מוצאי שבת אויך בשעת מען זאגט ברכי. ווייל אונ מוצאי שבת גייען דיא נשמות צוריק אין גיהנם אונ כל זמן מען איז מאריך ביא ויהי רחום גייען זייא נאך נישט צוריק:

(נז) דער טעם פון דעם וואס אין מוצאי שבת הייבט מען אהן ואתה קדוש אונ מען זאגט נישט ובא לציון גואל. ווייל דיא גאנצע גאולה וועט נישט זיין ביא נאכט. כדי דיא אה"ה זאלין נישט זאגין זייא זענין גנבים זייא אנטלויפין ביא נאכט:

(נח) נאך איין טעם וואס מען איז מאריך בשעת מען זאגט ברכי אין מוצ"ש. עס ווערט גיברענגט אין הלכות גדולות מען דארף מאריך זיין בשעת מען זאגט נאך ברוך ה' המבורך אין מוצ"ש כדי ער זאל ניצול ווערין דיא וואך פון היזק. אונ עס איז דא בקבלה פון רב האי גאון וואס דאס איז בדוק ומנוסה אז מיט דעם וואס מען איז מאריך אין מוצ"ש ביא ברוך ה' המבורך איז דאס מסוגל צו הצלחה:

(נט) דער טעם וואס מען זאגט אין מוצ"ש ויהי נועם ווייל אין שבת האט מען מבטל גיוועזין פון מלאכה איז מען מתפלל אז עס זאל שורה זיין א ברכה אין אונזערע ארבית. עס ווערט גיברענגט אין מדרש תנחומא אז אין מוצ"ש גייט ארוים א בת קול אונ זאגט איהר רשעים גייט שוין צוריק אין גיהנם ארייין דען דיא ישראל האבין שוין גומר גיוועזין זייער סדר. איבער דעם דארף מען יעדער זאך צו זאגין מלה במלה בנעימות כדי דער שבת זאל זיך נאך ממשוך זיין:

(ס) נאך א טעם וואס מען זאגט ויהי נועם אין מוצ"ש. ווייל מרע"ה האט דאס גיזאגט בשעת מען האט גומר גיוועזין דאס משכן איין סימן אז עס זאל שורה זיין דיא ברכה. אונ זינטאג האט מען אויף גישטעלט דאס משכן. איז

גיוועזין

געוועזען דער נמר פון ברענגען צום מלאכת המשכן אין מוצ"ש. אונ דעמאלט האט מען געזאגט ויהי נועם אזו וויא עס ווערט געברענגט אין מדרש. איבער דעם איז מען זיך נוהג מען זאל דאס זאגען אין מוצ"ש אויף א סימן ברכה אונ מהפלל זיין אויף זייער מעשה ידיהם פון א גאנצע וואך וויא זאלין ווערין געבענטשט אונ וויא זאלין מצליח זיין:

(סא) דער טעם פון דעם וואס מען שמעקט בשמים מוצאי שבת ביא דער הבדלה. וויל אין שבת קומט צו יעדין ייד א נשמה יתירה פון עולם העליון אונ דיא נשמה איז נישט גוואנט מיט דעם ריח פון דעם עולם. וויל איהר ארט איז אין ג"ע האט זיא שטארק צער פון דעם איז מען מיט דעם מפיים דיא נשמה אונ מען מאכט פאר איהר דעם נחת רוח מיט דיא בשמים אזוי וויא עס איז בעוויסט אז פון א גוטען געשמאק האט דיא נשמה הנאה גלייך מיט דעם גוף:

(סב) דער טעם פון דעם וואס מען מאכט קידוש אין שוהל פאר עלינו אונ הבדלה מאכט מען נאך עלינו. וויל מען איילט זיך מקבל שבת צו זיין תיכף מיט דעם קידוש וואס מען מאכט. אבער מיט הבדלה איילט מען זיך נישט כדי עס זאל נאך ווערין צו גערעכינט צום שבת איבער דעם מאכט מען הבדלה נאך עלינו:

(סג) דער טעם פון דעם מנהג וואס מען קוקט אהן דיא נעגיל אין מוצ"ש בשעת מען מאכט הבדלה אונ מען מאכט דיא ברכה בורא מאורי האש. וויל עס ווערט געברענגט אין ירושלמי אז מען מאכט נישט דיא ברכה בורא מאורי האש ביז מען ערקענט צווישען דעם נאגיל אין דעם פלייש:

(סד) נאך איין טעם וואס מען קוקט אויף דיא נעגיל בשעת מען מאכט דיא ברכה. וויל עס שטייט אז הקב"ה האט געגעבין פערשטאנד צום אדם הראשון אונ ער האט גענומען צוויא שטיינער אונ האט געקלאפט איינעם אונ דעם אנדערען איז ארויס געקומען פון דעם פייער אין מוצ"ש. האט אדה"ר געגעבין איין שבח צו השי"ת פאר דעם וואס ער האט איהם באשאפין דיא פינגער דען דורך דיא שפיץ פינגער האט ער געקענט מאכין פייער אויך מאהן אלע מלאכות. איבער דעם קוקען מיר אויף דיא שפיץ פינגער מען זאל זיך ערמאנין אהן דעם חסד:

(סה) נאך איין טעם קען מען זאגען וואס מען קוקט אויף דיא נעגיל מוצ"ש וויל אדה"ר איז געוועזען בעדעקט זיין גאנץ לייב מיט נאגיל איידער ער האט געזינדיגט מיט דעם עץ הדעת אונ נאך דער זינד איז דאס פון איהם צו גענומען געווארען אונ עס איז איהם געבליבען נאר אויף דיא שפיץ פינגער. אויך שטייט אז דורך דעם זכות פון שבת האט אויף איהם מגין געוועזען אונ ער איז נישט געשטראפט געווארען מיט קיין שום עונש אונ דיא דעק פון נאגיל איז פון איהם נישט אוועק גענומען געווארען נאר הערשט מוצ"ש נאך דער הבדלה דורך דעם קוקט מען אויף דיא נעגיל וויל אצונד איז דאס געגעבען געווארען צו אדה"ר:

(סו) נאך איין טעם וואס מען קוקט אויף דיא נעגיל. וויל עס ווערט געברענגט אין אגדה אז עס איז ארויס געגאנגען איין ליכטיגקייט פון אונטער דיא נעגיל פון אדה"ר אונ ער האט געקוקט אויף דעם גוף האט ער געזעהן אז ער איז נאקים אחוץ דיא נעגיל וואס זיא זענין נאך געבליבען אין

אין דעם זעלבען גישטאלט וואס זענען געוועזען צום ערשטען:

(ס׳) דער טעם פון דעם מנהג וואס מען לעשט אויס די לעכט אויך די הבדלה אונ מען וואשט זיך אוים מיט דעם די אויגען. דאס מיט מען איבער דעם מען זאל ווייזען אז די מצוה איז געליבט:

(סח) דער טעם פון דעם מנהג וואס תיכף נאך דער הבדלה לייגט מען צוא דעם טלית כדי מען זאל תיכף עוסק זיין אין א דבר מצוה אונ עס זאל זיך נישט אהן חאפען די חיצונים אין דעם טלית. איבער דעם אז עהר האט עהם נישט צוא געלייגט תיכף אז ער לייגט עהם צוא אויף מארגען דארף מען דעם טלית צום ערשטען אפ שאקלין אונ דער נאך צוא לייגען:

(סט) דער טעם פון דעם מנהג וואס ווייבער טרינקען נישט פון הבדלה ווייל עס איז דא א דעה אז דער בוים וואס אדה״ר האט גיגעסען פון עהם איז גיוועזען ווייגטרויבען אונ מיר מאכין הבדלה כדי מתקן צוא זיין דעם חטא פון אדה״ר. אונ חוה האט גורם גיוועזען דעם חטא פון עץ הדעת איז נישט גלייך אז איין אשה זאל פון דעם הנאה האבין:

(ע) נאך איין טעם וואס ווייבער טרינקען נישט פון כוס הבדלה. וויל עס איז איין פלוגתא אין ש״ע טהייל זאגען אז ווייבער זענין מחויב צוא מאכען הבדלה מן התורה אונ טהייל האלטען אז ווייבער זענין פטור פון הבדלה אונ גאנצען אונ טהייל האלטין אז זייא זענין מחויב מדרבנן איבער דעם טאהר די אשה ממה נפשך נישט טועם זיין פון דער הבדלה. נאך דער דעה וואס האלט אז זייא זענין מחויב מן התורה אין דער עיקר הבדלה איז שמ״ע נישט איבער דעם כוס אז דער מאן האט גימאכט הבדלה אין דער שמ״ע כוס האט ער שוין יוצא גיוועזען דער עיקר הבדלה אונ אמעהרסטען טהייל דאווינין ווייבער נישט קיין מעריב מאכען זייא נישט קיין הבדלה אין דער שמ״ע איז זיא דוך מחויב צו מאכען הבדלה בייא דעם כוס מה״ת. איבער דעם קען זיא דער מאן נישט מוציא זיין מיט זיין הבדלה וויל זיין הבדלה וואס ער מאכט איבער דעם כוס איז נאר מדרבנן וויל ער האט שוין יוצא גיוועזען מיט דער הבדלה אין שמ״ע אונ זיא איז מחויב מה״ת קען דרבנן נישט מוציא זיין מה״ת. איבער דעם טאהר זיא נישט טועם זיין פון כוס כדי זיא זאל וויסען אז זיא איז מחויב מה״ת. אונ נאך דער דעה וואס האלט אז ווייבער זענין פטור פון הבדלה דארף זיא נישט טועם זיין פון דער הבדלה כדי דער מאן זאל זיך נישט טועה זיין ער וועט מיינען אז זיא קען איהם אויך מוציא זיין אונ באמת איז זיא פטור. אונ נאך די דעה וואס האלט אז ווייבער זענען מחויב בהבדלה מדרבנן טאהר זיא אויך נישט טועם זיין איבער דעם זעלבען טעם דער מאן זאל נישט מיינען אז זיא איז מחויב מה״ת אונ זיא קען עהם מוציא זיין איז נאך אלע דיעות נישט גלייך אז ווייבער זאלען טועם זיין פון כוס הבדלה:

(עא) דער טעם פון דעם וואס מען פאר דרייט די פסוקים פון ויתן לך אונ מען זאגט נישט כסדר אזוי וויא זייא שטייען אין דער תורה אונ פוהל פסוקים פון די ברכות פאר פעהלט מען. איז דער טעם פון דעם אזוי. וויל דער שטייגער פון דער וועלט איז מען פריר עוסק אין משא ומתן אונ נאך דעם אז מען האט שוין א מצב פרנסה נעמט מען איין פרויא אונ דער נאך האט מען קינדער. אזוי איז דא גישטעלט גיווארען די פסוקים פון ויתן לך לויט דעם סדר פריר זאגט מען ויתן לך וגו׳ מטל השמים די ברכות פון יצחק

אבינו

אבינו אויף פרנסה אונ דער נאך שטייט דיא ברכה פון קינדער:

(עב) דער טעם פון דעם אין ספר בראשית מאכט דער תרגום אויף עברי עבראה אין ספר שמות מאכט דער תרגום אויף עברי יהודאה. ווייל עס שטייט אין מדרש ויחי אויף דעם פסוק יהודה אתה יודוך אחיך. אז מען וועט רופען אלע שבטים אויף דיין נאמען יהודי. איבער דעם מאכט דער תרגום פון דער ברכה אהן וואס יעקב אבינו האט זייא געבענטשט אונ ווייטער יהודי אונ ביז דער ברכה רופט מען זייא עבראה:

# דיא מנהגים פון תענית.

(א) דער טעם פון דעם וואס דיא גאנצע וועלט רופט אהן דעם חודש אב מנחם אב. מנחם מיינט מען איין טרייסט וואס טרייסט מען א"ב מיר געפינען נישט אין גאנץ תנ"ך עס זאל שטיין אויף דעם סדר פון א"ב נאר דיא קינות זענען געשטעלט אויף א"ב אונ מיר האפין אויף דער גאולה אלע טאג זיא זאל זיין במהרה בימינו וועט דאס א"ב געטרייסט ווערען איבער דעם רופט מען דעם חודש מנחם אב:

(ב) דער טעם פון דעם תענית שני וחמישי שני נאך פסח אונ סוכות. ווייל אין דיא צייטען איז דיא לופט נישט גוט בפרט פאר קליינע קינדער זייא איז שווער צו פאר נעמין דיא לופט. האט מען איבער דעם מתקן געוועזען א תענית:

(ג) דער טעם פון דעם וואס דיא מגילת איכה שרייבט מען נישט אויף קיין פארמיט אזוי וויא מען שרייבט דיא מגילת אסתר אדער איין ספר תורה. ווייל אלע טאג קוקען מיר אויס אונ מען הויפט אויף דער גאולה מען זאל אויס געלייזט ווערין אז מען וועט שרייבין דיא מגילת איכה אויף פארמיט וועט אויס זעהן וויא ח"ו מען איז זיך מייאש פון דער גאולה:

(ד) דער טעם וואס מען זאגט נישט אין תשעה באב תתקבל צלותהון בייא קדיש ווייל עס שטייט שתם תפלתי:

(ה) דער טעם וואס מען לייגט נישט קיין תפילין אין ט' באב. ווייל אין פסוק שטייט השליך משמים ארץ תפארת ישראל. דער פשט פון דעם הקב"ה האט אראפ געווארפין פון הימעל ביז צו דער ערד דאס שוינהייט פון דיא ישראל אונ תפלין ווערין אהן גערופען פאר: אויך צונד מען נישט אהן קיין לעכט אין שוהל ווייל עס איז פאר לאשין געווארין דאס לעכט פון דיא ישראל. דאס מיינט מען דאס ביהמ"ק איז חרוב געווארען אזוי וויא עס שטייט והלכו כל הגוים לאורך:

(ו) נאך איין טעם וואס מען פאסט בה"ב נאך פסח אין סוכות ווייל עס שטייט בייא איוב'ן אז נאך יו"ט האט ער מקריב געוועזען קרבנות טאמער איבער דער שמחה פון דער סעודה האבען זייא געזונדיגט אזויא נאך יו"ט טאמער האט מען עטוואס פוגם געוועזען דורך דער שמחה פון יו"ט איבער דעם פאסט מען אויף זייא:

(ז) דער טעם פון תענית שובב"ים ת"ת. ווייל אונ דער צייט האט זיך אהן געהויבען דאס גלות אונ מצרים:

(ח) דער טעם פון דעם אז מען לייגט ויחל אגב תענית טאפילט מען טהייל

פסוקים

פסוקים ויאס מען לייענט פאר דעם כהן אויך פאר דעם ישראל אבער וואס מען לייענט פאר דעם לוי טאפעלט מען ניט ווייל דיא כהנים אין ישראלים האבען געזונדיגט ביא דעם עגל אבער דיא לוים האבען נישט געזונדיגט ביא דעם עגל דארף מען ביא דעם לוי נישט צוא טאפלען דיא פסוקים:

(ט) דער טעם פון דעם וואס אין תענית זאגט מען נישט דיא הפטורה דרשו ד׳ בהמצאו אין דער פריה נאר ביא מנחה ווייל עס שטייט אין דער הפטורה שמרו משפט ועשו צדקה כי קרובה ישיעתי לבוא וצדקתי להגלות אונ דער שכר פון תענית איז וואס מען גיט צדקה אונ דער עיקר תענית איז ביא מנחה אז מען האט שוין אפ גיפאסט קומט צוא זאגען דוא הפטורה:

(י) דער טעם פון דעם מנהג וואס אונ ט׳ באב גייט מען אויף דיא קברים אונ מען ווארפט קנאבעל. ווייל עס איז נישט גלייך צוא גיין אויף דיא קברים ווייל עס איז זיך מדבק דוא חיצונים ר״ל אונ זייא בעלייטען איהם אהיים. נאר א גאנץ יאהר קען מען ניצול ווערען פון זייא דורך דער תורה וואס מען לערינט אבער אונ ט׳ באב טאהר מען ניט לערנען. ווארפט מען קנאבעל דעז דאס איז בעוויסט אז קנאבעל פאר טרייבט דוא חיצונים אונ מען גייט אויף דוא קברים אז דוא מתים זאלען האבען א סימן אז מען איז געוועזען ביא זייא כדי זייא זאלען מתפלל זיין פאר אונז:

# דיא טעמים אונ דיא מנהגים ביא תפילין.

(א) דער טעם וואס דוא תפילין של יד דעקט מען צוא אונ דיא תפילין של ראש זענען אויף גערעקט. ווייל דיא תפילין של יד זענען א קענע דיא זאכען פון הארץ אונ איין מענטש ווייסט נישט וואס ביא דעם אנדערען איז אין הארץ איבער דעם זענען דוא תפילין של יד אויך פאר דעקט אבער דיא תפילין של ראש זייא זענען א קענען דוא אויגען אונ דוא אויגען זעהן וואס עס איז אנטפלעקט איבער דעם זענען דיא תפילין של ראש אויך אויף גערעקט אויך שטייט אונ ש״ע והיו לך לאות. נאר פאר דיר זאלען זייא זיין איין צייכען אבער נישט פאר קיין פרעמדען איבער דעם דעקט מען צוא דוא תפילין:

(ב) דער טעם ויאס מען מאכט אונ דוא תפלין של ראש אויף איין זייט א שין פון דרייא קעפליך אונ אויף דער צווייטער זייט פון פיהר קעפליך. ווייל צווייא שינין בעטרעפט זעכס הונדערט אונ דיא אותיות שש איז זעכס אין זיבען קעפלעך פון דוא צווייא שינין איז זעכס הונדערט אין דרייצען וואס דאס איז אזויא חשוב וויא דיא תרי״ג מצות:

(ג) דער טעם וואס עס קומט אויף דיא תפילין איין שין ווייל דאס איז מרמז אז דרייא הונדערט טעג אונ יאהר לייגט מען תפילין ווייל בסי״ה איז דא שס״ה טעג אונ יאהר גייט אראפ צווייא אונ פינפציג שבתים אונ דרייצען טאג פון יו״ט וואס מען לייגט נישט קיין תפילין בלייבט איבער פון שס״ה דרייא הונדערט טעג וואס מען לייגט תפילין אזויא וויא שין בעטרעפט:

(ד) נאך איין טעם פון דעם וואס מען מאכט אונ דוא תפילין של ראש א שין פון דרייא קעפליך אויף איין זייט אונ אויף דער צווייטער פון פיהר קעפליך דיא דרייא קעפליך זענען מרמז א קענען דיא דרייא אבות

אונ

און די פיהר קעפליך זענען מרמז א קענען די ארבע חיות וואס טראגען דוא מרכבה :

(ח) דער טעם פון דעם וואס אז מען לייגט אריין דוא תפילין און כיס אריין לייגט מען של ראש און דער רעכטער זייט און של יד און דער לינקער ווייל דוא קדושה פון תפילין של ראש איז גרעסער קומט איהר דעם כבוד צוא לייגען און דער רעכטער זייט :

(ו) דער טעם וואס מען מאכט זיבען כריכות אויף דער האנד א קענען דוא זיבען ברכות אירוסין ונשואין . און די דרייא כריכות אויף דעם פינגער א קייגען דעם טבעת פון קידושין :

## די טעמים און מנהגים פון תפלה .

(א) דער טעם פון דעם וואס אין דער פריה ריפט דער שמש און שוהל אריין אבער ביא מנחה און מערב ריפט גישט דער שמש און שוהל אריין . איז דער טעם אזוי ווייל דוא תפלת שהרית האט איין זמן ביז ווען עס איז דער זמן תפלה און עס איז נישט דא קיין היכר מען זאל דערקענען ווען דער זמן לאזט זיך אויס איבער דעם ריפט דער שמש און שוהל אריין כדי מען זאל נישט עובר זיין דעם זמן תפלה אבער ביא מנחה איז דא א היכר וויא לאנג דער זמן איז זיך ממשיך דהיינו ביז די זון גייט אונטער האט מען נישט קיין מורא טאמער וועט מען עובר זיין דעם זמן ווייל יעדער בעזונדער ווייסט אז די זמן איז נאר ביז די זון גייט אונטער . דעם גלייכען מערב איז דער דין איין גאנצע נאכט האט מען נישט מורא צוא האבען טאמער וועט מען עובר זיין דעם זמן איבער דעם דארף מען גישט צוא ריפען און שוהל אריין נאר און דער פריה :

(ב) דער טעם פון דעם מנהג וואס מען שאקילט זיך בשעת מען דאווינט און בשעת מען לערינט . ביא דעם דאווינען איז דער טעם ווייל עס שטייט כל עצמותי תאמרנה ה׳ און לערנען תורה איז דער טעם ווייל עס שטייט הלא כה דברי כאש נאום ד׳ און די טבע פון פייער איז בשעת עס ברענט שאקילט עס זיך :

(ג) נאך איין טעם וואס מען שאקילט זיך בשעת מען לערינט ווייל און די פאהריגע יאהרען איז נישט געוועזען בנמצא אזויא פוהל ספרים וויא היינט און א ספר איז געוועזען א דבר יקר איבער דעם האבען זייא געמאכט זייערע אלע ספרים גרוים כדי עס זאלען קענען עטליכע מענטשען לערנען און איין ספר און פאר צייטענס זענען אלע גיזעסען אויף דער ערד איבער דעם אז עס זענען גיזעסען עטליכע מענטשען בעזאמען אויף דער ערד און האבען אריין געקוקט און איין ספר האט זיך גערארפט יעדער איינציגער צוא צוא בייגען יעדע מאהל ער זאל אכטיג געבען וואס עס שטייט און דער נאך האט ער זיך אוועק גיבויגען און אזויא שטענדיג ביז מען האט זיך גענויינט צוא שאקלען . צווייטענס עס איז מיט דעם שכל אז מען שאקעלט זיך ווערט דערוועקט אלע כוחות און מען קען צוא זאמען נעמען דוא געדאנקען און מען זאל און זון האבען וואס מען איז עוסק איבער דעם איז א מנהג ביא יודען זיך צוא שאקלען :

דער

(ד) דער טעם פון דעם וואס אונ דוא ברכות פון דער פריה ווערט געדענקט צווייא מאהל ישראל אוזר ישראל בגבורה עוטר ישראל בתפארה ווייל מיט דוא צווייא זאכען דערקענט מען איין יוד מיט זייער מלבושים אונ זייערע גארטלען וואס זייא גייען :

(ה) דער טעם פון דעם וואס מען טאפעלט כל הנשמה תהלל יה ווייל אונ דעם מזמור געפונט זיך צוועלף מאהל הלויה א קייגען דיא צוועלף חדשים וואס איז דא אונ יאהר :

(ו) דער טעם פון דעם וואס אין הלל טאפילט מען דוא פסוקים אודך ווייל דער אהן הייב פון דעם מזמור איז געטאפעלט איבער דעם טאפילט מען שוין דעם גאנצען קאפיטעל פון מן המיצר א קעגען דיא עוה"ז ועוה"ב :

(ז) דער טעם פון דעם וואס מען הייבט אהן וכרות עמו הברית איין אהן הייב חאטש דאס איז איין פסוק מיט דעם פרירדיגען אתה היא האלהים אשר בחרת וגו'. נאר ווייל דיא וועלט איז זיך נוהג אין טאג פון מילה מען זאל אהן הייבען פון וכרות אין דער מוהל מיט דעם קהל זאגען פסוק בפסוק איז פון דעם געווארען דער מנהג אז מען הייבט אהן וכרות אפילו ווען עס איז נישט דא קיין ברית מילה :

(ח) דער טעם פון דעם וואס דיא אנשי כנה"ג האבען פאר פעהלט דעם פסוק החוי אין וכרות עמו הברית. ווייל חוי האט זיך אויס געמישט מיט דוא ישראל אין זייא זעניין אויך פון דער כתה פון ערב רב אונ זייא האבען זיך משדך געוועזען מיט דיא פעלקער אונ גלות בבל אונ דורך זייא זענען דיא ישראל נלכד געווארען איבער דעם האבען דוא אנשי כנה"ג נישט געוואלט געדענקען זייער נאמען בשעת תפלה אז עס זאל זיך נישט חס דער וועקין קיין קטרוג דורך דעם ערב רב וואס בעוה"ר האבען זייא זיך געמעהרט צווישען דוא ישראל אין ביז דעם היינטיגען טאג זענען זייא אזוי וויא איין דארען אין דיא אויגען ביז השי"ת וועט זיך מרחם זיין אונ עס וועט ווערען אזוי געטאהן דאס פסולת וואס עס געפונט זיך צווישען אונז :

(ט) דער טעם פון דעם וואס בשעת מען שטייט אויס שמ"ע גוט מען צוריק דרייא טריט ווייל מיר געפונען בייא נבוכדנאצר ער האט געגעבען דרייא טריט פאר השי"ת כבוד אונ דורך דעם האט ער זוכה געוועזען צוא דער מלוכה ער מיט זיינע קינדער אונ נאכדעם האט ער חרוב געמאכט דאס ביהמ"ק איבער דעם טוהן מיר דרייא טריט אז אונזערע דרייא טריט זאלען אומקערען דוא טריט פון דעם רשע אין מיר זאלען זוכה זיין אז דאס ביהמ"ק זאל געבויעט ווערען אונ אונזערע צייטען :

(י) דער טעם פון דעם וואס מיר גידענקען פינף מאהל ישראל אונ דעם פסוק צור ישראל וואס מען זאגט פאר שמ"ע דאס איז א קייגען פינף מאהל ישראל וואס עס שטייט אונ איין פסוק אונ פרשת בהעלותך :

(יא) דער טעם פון דעם וואס מען זאגט פינפצעהן ווין אונ אמת ויציב. ווייל מען האט חושד געוועזען מרע"ה אז ער האט הנאה געהאט פון דיא ווין וואס מען האט געמאכט צוא דוא עמודים אונ משכן זענען דיא ווין געקומען פאר הקב"ה זייא זאלען איהם ארויס נעמען פון דעם חשד איבער דעם האט מען מתקן געוועזען זייא צוא זאגען בייא אמת ויציב אז ווער עס איז נישט מתפלל מיט דעם ציבור אונ האט נישט געזאגט אל מלך

מלך נאמן וואס דיא ר"ת זענען אמן זאל ער מדקדק זיין אונ דוא ווין וויל
פינפצען ווין באטרעפט ניינציג מיט דער א׳ פון אמת איז איין אונ ניינציג אזוי
פוהל וויא אמן בעטרעפט:

(יב) דער טעם פון דעם וואס בשעת מען שטייט שמ"ע האלט מען
דיא פים גלייך ווייל מיר גלייכען זיך צוא דוא מלאכים וואס ביא זייא שטייט
ורגליהם רגל ישרה:

(יג) דער טעם פון דעם וואס דוא ברכות פון שמ"ע זענען געשטעלט געווארען
אויף דעם סדר עם ווערט געברענגט אונ אגדה אז דיא אנשי כנסה"ג זענען
געקומען האבען זייא מתקן געוועזען דיא ברכות אויף דעם סדר. בשעת
אאע"ה איז ניצול געווארען פון אור כשדים האבען דוא מלאכי השרת געזאגט
ברוך אתה ד׳ מגן אברהם בשעת יצחק אבינו איז געבינדען געווארען אויף
דער עקידה אונ דאס אש איז געוועזען צוא שפרייט אויף דעם בארג
המוריה באלד האט הקב"ה געברענגט איין טל פון תחיה אונ ער האט
איהם לעבידיג געמאכט האבען דוא מלאכים געזאגט מחיה מתים אז יעקב
אבינו איז געקומען אונ ער האט געטראפען דיא שערי שמים האט ער
געהייליגט דעם נאמען פון הקב"ה האבען דיא מלאכים געזאגט האל הקדוש.
בשעת פרעה האט געמאכט יוסף הצדיק פאר איין מלך אונ מצרים איז געקומען
דער מלאך גבריאל אונ האט איהם אויס געלערינט דיא זיבעציג לשונות
האבען דיא מלאכי השרת געזאגט בא"י חונן הדעת. בשעת ראובן האט
געטאהן דיא מעשה פון בלהה איז אויף איהם נגזר געווארען ער זאל שטארבען
האט ער תשובה געטאהן האבען דיא מלאכים געזאגט דיא ברכה הרוצה
בתשובה. בשעת יהודה האט געטאהן דיא מעשה פון תמר אונ ער האט
זיא געהייסען פאר ברענען האט זיא איהם געשיקט זאגען ער זאל ערקענען
צוא וועמען דאס געהער האט ער תיכף מודה געוועזען אין ער האט געזאגט
אז זיא האט רעכט איז איהם פאר געבען געווארען זיין זונד האבען דיא
מלאכים געזאגט דיא ברכה המרבה לסלוח. בשעת דוא מצרים האבען פאר
ביטערט דאס לעבען פון אונזערע עלטערען אונ הקב"ה האט געזאגט צוא
דיא ישראל איך וועל אייך אויס לייזען האבען דוא מלאכי השרת געזאגט
דוא ברכה גאל ישראל בשעת אאע"ה האט זיך מצער געוועזען דורך דעם
צער פון דער מילה איז געקומען דער מלאך רפאל אונ ער האט איהם געהיילט
האבען דיא מלאכים געזאגט דיא ברכה רופא חולים בשעת יצחק אבינו
האט געזייעט דיא פעלדער אונ עס האט געוואקסען הונדערט מאהל אזויא
פוהל וויא מען האט געשאצט האבען דוא מלאכים געזאגט דיא ברכה מברך השנים.
בשעת יעקב אבינו איז געקומען קיין מצרים אונ ער האט גיזעהן יוסף אונ
שמעון זענען דא אונ אלע זוהן האבען זיך צוא זאמען גענומען האבען דיא
מלאכים געזאגט דיא ברכה מקבץ נדחי עמו ישראל. בשעת דיא תורה איז
געגעבען געווארען צוא דיא ישראל אין הקב"ה האט זייא געזאגט דיא דינים
האבען דיא מלאכים געזאגט דיא ברכה אוהב צדקה ומשפט בשעת דיא
מצרים זענען ערטרינקען געווארען ביא דעם ים האבען דיא מלאכי השרת
געזאגט דיא ברכה שובר אויבים ומכניע זדים בשעת הקב"ה האט געזאגט
צוא יעקב אבינו דיין זוהן יוסף וועט דיר צוא מאכן דיא אויגען האט ער
זיך געפרייט אונ ער האט זיך פאר זיכערט אויף השי"ת רייד אונ בשעת יעקב
אבינו

אבינו איז נפטר געווארען פון דעם עולם אונ יוסף איז גיקומען אונ ער האט איהם צו גימאכט דיא אויגען אונ האט איהם גיקישט אונ האט גיוויינט איבער איהם האבען דיא מלאכים געזאגט דיא ברכה משען ומבטח לצדיקים. בשעת שלמה המלך האט געבויעט דאס בהמ"ק האבען דיא מלאכים געזאגט דיא ברכה בונה ירושלים בשעת דיא ישראל זענען געהאלפען געווארען אונ זענען דורך געגאנגען דעם ים סוף אונ זייא האבען געזאגט דיא שירה ווישע האבען דיא מלאכים געזאגט מצמיח קרן ישועה בשעת דיא ישראל איז געוועזען שלעכט אונ זייא האבען תפלה געטאהן פאר השי"ת אין השי"ת האט צוא געהערט זייער גיבעט האבען דוא מלאכים געזאגט דיא ברכה שומע תפלה בשעת דיא ישראל האבען געמאכט דאס משכן אונ דוא שכינה האט אראפ גענידערט אין זיא האט גערוהט אויף דיא צווייא כרובים האבען דיא מלאכים געזאגט המחזיר שכינתו לציון. בשעת שלמה המלך האט אריין געברענגט דעם ארון אין ק"ק אריין אונ ער האט געגעבען איין שבח צוא הקב"ה האבען דיא מלאכים געזאגט דיא ברכה הטוב שמך ולך נאה להודות בשעת דיא ישראל זענען אריין געקומען קיין ארץ ישראל אונ עס איז אין זייא מקוים געווארען דער פסוק ונתתי שלום בארץ האבען דוא מלאכי השרת געזאגט בא"י המברך את עמו ישראל בשלום:

(יד) דער טעם פון דעם וואס דעם פסוק אורך ימים אשביעהו טאפעלט מען צווייא מאל עס ווערט געברענגט אונ ילקוט ראובני אז איוב האט געהייסען מיט דעם נאמען יואל נאר וואס דען האט מען איהם גערופען איוב דאס איז ווייל ער איז געוועזען אונ מענשענס מיילער פון יעדען דור גלייך וויא השי"ת וואלט מיט איהם אהן גערייצט איין מלחמה. אונ מרע"ה האט דאס אהן געוויזען אונ דער תורה אף ד' וקנאתו באיש ההיא איז דיא ר"ת איוב. אונ נאכדעם אז השי"ת האט צוריק איהם געקערט צוא איוב אלעס וואס ער האט צום ערשטען געהאט אויף טאפיל האט אים מרע"ה אויך אהן געוויזען אין תהלים אין פסוק אורך ימים אשביעהו ואראהו בישועתי איז דיא ר"ת איוב איבער דעם טאפילט מען דעם פסוק ווייל השי"ת האט געבענטש איוב'ן אונ אללעס וואס ער האט געהאט פריר האט ער באקומען טאפיל:

## דער טעם פון דוא פיהר מינים אונ לולב.

(א) דער טעם פון דעם וואס דיא פיהר מינים פון לולב ווערין אהן גערופען. אתרוג לולב ערבה הדס. פאר וואס ווערען זייא נישט אהן גערופען אזויא וויא זייא שטייען אונ דער תורה פרי עץ הדר וענף עץ עבות וערבי נחל וכפות תמרים. ווייל אונזערע הייליגע חכמים האבען געזאגט בני חיי ומזונא דאס איז נישט געוועגט אהן זכות נאר אהן מזל אבער דער זכות פון תורה דאס איז אנדערשט דער זכות פון דער תורה איז מגין אין היט אפ סייא בשעת מען לערינט סייא בשעת מען לערינט נישט אונ אויב דער מענטש איז איין בעל תורה אונ ער איז עוסק אין איהר ווערט ער העכער פון מזל, איבער דעם האבין אונזערע חכמים פאר ענדערט דיא נעהמען פון דיא פיהר מינים ווייל עס ווערט גיברענגט אין ספרים אז דיא פיהר מינים זענען נישט אונטער דעם מזל איבער דעם ווייזין דיא פיהר מינים

דער

אויף דיא זאכען אתרוג איז מרומז אויף תורה. לולב איז מרומז אויף חיים. ערבה איז בגמטרי' זרע. הדס. מזוני איז דאס מרמז או דער מענטש וואס לערינט תורה זאל זוכה זיין לבני חיי ומזוני חאטש ער איז נישט געבוירען געווארען אונ דעם מזל פון פרנסה דורך דעם זכות פון תורה קען ער זוכה זיין צוא דיא דרייא זאכען:

(ב) דער טעם וואס מען וויקעלט דעם לולב מיט דרייא פלעכטלעך דאס איז מרמז וואס צווישען דוא ישראל איז פאראן דיא אגודות צדיקים אונ בינונים רשעים אזוי וויא עס ווערט געברענגט אונ מדרש אין דיא אלע דארפען זיך האלטען בעזאמען איינער מיט דעם צווייטען:

(ג) דער טעם וואס מען רינגעלט ארום מיט דעם לולב דיא בימה וואס אויף דער בימה איז דאס ספר. זוייל עס ווערט געברענגט אונ מדרש או לעתיד לבוא וועט הקב"ה מאכען איין חופה פאר דיא צדיקים אונ הקב"ה וועט שטיין אונ דער מיט אונ דיא צדיקים ארום אין אלע וועלען ווייזען מיט דעם פינגער אונ זייא וועלען זאגען דאס איז אונזער גאט וואס מיר האפען צוא איהם אונ דאס איז בעוויסט או דער יו"ט פון סוכות דאס ווייזט אויף עוה"ב איבער דעם מאכט מען פוהל רמזים זייא זאלען ווייזען אויף עוה"ב אין מען רינגעלט ארום דיא בימה וואס דוא ס"ת איז דארט אונ דוא תורה אין קב"ה איז איינס אונ לולב הדס איז מרמז אויף דיא ישראל אונ דיא צדיקים אזויא וויא עס ווערט געברענגט אונ מדרש:

(ד) דער טעם פון דעם וואס אונ שמיני עצרת עסט מען א האלבע סעודה אינ סוכה אין א האלבע אונ שטוב אונ מענכע עסען גאהר נישט שמ"ע בייא נאכט אונ סוכה ווערט געברענגט אונ ספר מקראי קודש וויל שמ"ע איז מרמז אויף לעתיד וואס דאס איז איין בעזונדער צייט פאר השי"ת ער זאל זיך פרייען מיט דיא ישראל אונ אלע פעלקער וועלען ריפען אונ גאט'ס נאמען אונ עס וועט נישט זיין קיין שטן אונ קיין מזיק וויל אונ דעם טאג וועט זיין גאט'ס נאמען געאיינציגט אויף דער גאנצער וועלט איבער דעם דארף א מענטש ארויס צוא גיין אונ שמע"צ פון דער סוכה אונ נישט צוא מאכען קידוש אונ דער סוכה אונ דער וואס גייט ארויס אונ שמע"צ פון סוכה איז איהם גערעכינט גלייך וויא ער וואלט געהייליגט השי"ת נאמען:

(ה) דער טעם פון דעם מנהג או עס איז דא צווייא קינדער מל צוא זיין זאגט מען המלאך הגואל. דער מנהג איז געווארען עפ"י טעות ווייל מען האט דאס מתקן געווען צו זאגען ווען עס איז דא מל צו זיין צווייא קינדער איינס נאך דעם אנדערען איז דער דין אין ש"ע או מען מאכט איין ברכה פאר ביידע קינדער איבער דעם האט מען זיך נוהג געוועזען צו זאגען נאך דעם ערשטען המלאך הגואל כדי מען זאל מסיח דעת זיין מען זאל קענען מאכען א ברכה בייא דעם אנדערען קינד האט מען זיך שוין געוויינט שטענדיג צוא זאגען אפילו ווען מען איז נישט מל דיא קינדער בעזאמען:

(ו) דער טעם פון דעם וואס בייא איין ברית מילה מאכט מען איין פרעמדען פאר א שליח צוא ברענגען דאס קינד מל צוא זיין נישט דער פאטער אליין ווייל דער פאטער קען נישט נעמען דאס קינד פון זיין ווייב ווייל זיא איז איין נדה אונ פון קיין פרעמדע אשה איז נישט גלייך ער זאל נעמין דאס קינד:

# דִיא טַעֲמִים פוּן פִיהְל תְּקָנוֹת.

(א) דֶער טַעַם וָואס אִין מוֹצָאֵי יוה״כ מַאכְט מֶען נִישְׁט קֵיין בְּרָכָה אִיבֶּער בְּשָׂמִים. וַוייל דִיא בְּשָׂמִים הָאט מֶען מְתַקֵן גִיוֶועזִין אִיבֶּער דֶער נְשָׁמָה יְתֵירָה וָואס זִיא גֵייט אַוֶּועק פוּן מֶענְטְשׁ אִין מוצ״ש אָבֶּער אִין מוֹצָאֵי יוהכ״פ אִיז נִישְׁט דָא קֵיין נשמה יתירה דַארְף מֶען נִישְׁט שְׁמֶעקִין קֵיין בְּשָׂמִים:

(ב) דֶער טַעַם פוּן דֶעם וָואס אִין חנוכה צִינְד מֶען אִין שוּהְל פְרִיר חנוכה לִיכְט אוּנ דֶער נָאךְ מַאכְט מֶען הבדלה. אִין דֶער הֵיים מַאכְט מֶען פְרִיר הבדלה אוּנ דֶער נָאךְ צִינְד מֶען דִיא חנוכה לִיכְט. וַוייל אִין דָער הֵיים קֶען עֶר פַאר גֶעסִין צוּ זָאגִין אתה חונן אִין שמ״ע אוּנ אַז עֶהר וֶועט צִינְדִין חנוכה לִיכְט פַאר הבדלה וֶועט עֶר טוּהְן אֵיין איסור אִיבֶּער דֶעם מַאכְט מֶען פְרִיר הבדלה. אָבֶּער אִין שוּהְל הָאט דֶער חזן גֶעוִויס נִישְׁט פַאר גֶעסִין צוּ זָאגִין אתה חונן אִיז גְלַייבֶער עֶר זָאל פְרִיר צִינְדִין חנוכה לִיכְט וַוייל דִיא מִצְוָה אִיז תיכף אַזוֹי וִויא עֶס וֶוערְט נַאכְט בַּאלְד צוּ צִינְדֶען חנוכה לִיכְט:

(ג) דֶער טַעַם פוּן דֶער הפטורה וואס מֶען זָאגְט אִין שבת בראשית. וַוייל אִין דֶער הפטורה שְׁטֵייט אוֹיךְ אַז השי״ת הָאט בֶּעשַׁאפִין דֶעם הִימֶעל וכו׳ אוּנ דֶער אוֹיס לָאז אִיז פוּן דֶער הפטורה אַז פַאר מִיר אִיז נִישְׁט בֶּעשַׁאפִין גִיוָוארִין קֵיין גָאט אוּנ נָאךְ מִיר וֶועט נִישְׁט בֶּעשַׁאפִין וֶוערֶען קֵיין אַנְדֶערֶער. הָאט דָאס אֵיין שייכות צוּ דֶער פרשה בראשית.

(ד) דֶער טַעַם פוּן דֶער הפטורה וָואס מֶען זָאגְט אִין פרשת נח. וַוייל אִין דֶער הפטורה שְׁטֵייט אוֹיךְ וָואס עֶס גִיהֶער צוּ דֶער פרשה. עֶס שְׁטֵייט דָארְט אַז דָאס וַואסֶער פוּן מבול וָואס אִיךְ הָאבּ צוּ גִישְׁווֹארִין נח׳ן וכו׳.

(ה) וָואס מֶען זָאגְט דִיא הפטורה פוּן פרשת לך לך וַוייל עֶס שְׁטֵייט דָארְט מי העיר ממזרח צדק. דָאס מֵיינְט מֶען אברהם אבינו וָואס עֶר קוּמְט אַרוֹיס פוּן מזרח אוּנ השי״ת הָאט אִיהְם עֶרְוֶועקְט עֶר זָאל אוֹיף שְׁטֵיין אוּנ נָאךְ יָאגִין דִיא פִיהְר מלכים אִין דֶער פרשה לך אִין דֶער תּוֹרָה שְׁטֵייט אוֹיךְ נָאר פוּן אברהם אבינו.

(ו) דֶער טַעַם פוּן דֶער הפטורה פוּן פרשת וירא. וַוייל עֶס שְׁטֵייט דָארְט וִויא אלישע הָאט צוּ גִיזָאגְט דֶער שנמית אַז צַייט אַ יָאהְר וֶועסְט דִיא הָאבִּין אֵיין זוּהְן דָאס זֶעלְבֶּע וָואס דִיא מַלְאָכִים הָאבִּין גִיזָאגְט צוּ שרה גִיהֶער דָאס צוּ פרשת וירא.

(ז) דֶער טַעַם פוּן דֶער הפטורה אִין פרשת חיי שרה. וַוייל אִין דֶער הפטורה שְׁטֵייט אַז דוד המלך ע״ה אִיז גִיוָוארִין אַלְט אַזוֹי וִויא עֶס שְׁטֵייט בַּייא אברהם אבינו ואברהם זקן גִיהֶער דָאס צוּ דֶער פרשת חיי.

(ח) דֶער טַעַם פוּן דֶער הפטורה פוּן תולדות. וַוייל עֶס שְׁטֵייט אַז יעקב אוּנ עשו זֵיינִין גִיוֶועזִין בְּרִידֶער. אוּנ אֵיין זוּהְן דַארְף עֶהְרְלִיךְ הַאלְטִין זַיינֶע עֶלְטֶערִין אוֹיךְ עשו הָאט מקיים גִיוֶועזִין דִיא מצוה פוּן כיבוד אב ואם. אִיבֶּער דֶעם זָאגְט מֶען דָאס אִין פרשת תולדות.

(ט) דֶער טַעַם פוּן דֶער הפטורה פוּן פרשת ויצא. וַוייל עֶס שְׁטֵייט אִין דֶער הפטורה וְוִיא יעקב אבינו אִיז אַנְטְלָאפִין קִיין אֲרָם אוּנ עֶר הָאט גֶעדִינְט אִיבֶּער אַיין אִשָׁה. דָאס זֶעלְבֶּע וָואס אִין דֶער סֶדְרָה.

(י) דֶער טַעַם פוּן דֶער הפטורה פרשת וישלח. וַוייל אִין דֶער הפטורה שְׁטֵייט וְוִיא השי"ת הָאט גֶיזָאגְט צוּ עֵשָׂו'ן אִיךְ הָאבּ דִיךְ גִימַאכְט דֶעם נִידֶערִיגְסְטְען פוּן אַלֶע פֶעלְקֶער. אִיבֶּער דֶעם צָארִין פוּן דַיין בְּרוּדֶער יעקב וָואס דִיא גַאנְצֶע הפטורה שְׁטִימְט פוּן עשוין וִויא עֶר הָאט גֶיוָואלְט רוֹיבִּין יעקב'ן.

(יא) וָואס מֶען זָאגְט דִיא הפטורה פוּן פרשת וישב וַוייל עֶס שְׁטֵייט דָארְט. וָואס דִיא שְׁבָטִים הָאבִּין פַאר קוֹיפְט יוסף הצדיק פַאר גֶעלְט אוּנ אַיין אָר מַאן אִיבֶּער שׁוּךְ. אוּנ עֶס וֶוערְט גִיבְּרֶענְגְט אִין סְפָרִים אַז עֶס אִיז גִישְׁט פַאר הַאנְדִין אַיין גָלוּת פַאר יוּדִין וָואס זֵייא זָאלִין נִישְׁט גִישְׁטְרָאפְט וֶוערִין אִיבֶּער דִיא זִינְד וָואס דִיא שְׁבָטִים הָאבִּין פַאר קוֹיפְט יוסף הצדיק אִיבֶּער דֶעם גִיהֶער דִיא הפטורה אִין וַיֵּשֶׁב.

(יב) דֶער טַעַם פוּן דֶער הפטורה פרשת מקץ. וַוייל עֶס שְׁטֵייט וְוִיא שְׁלֹמֹה הַמֶלֶךְ הָאט זִיךְ אִיבֶּער גִיוֶועקְט הָאט עֶר עֶרְוַוייסְט אַז דָאס אִיז גִיוֶועזִין אַיין חָלוֹם אִין מקץ שְׁטֵייט אוֹיךְ פוּן פַרעה'ס חלום.

(יג) דֶער טַעַם פוּן הפטורה ויגש. וַוייל עֶס שְׁטֵייט אִין דער דפטורה אוֹיס גִירֶעכִינְט וְוִיא השי"ת הָאט גִיזָאגְט צוּ יחזקאל נֶעם דִיר אַיין שְׁטִיק הָאלְץ אוּנ שְׁרַייבּ אוֹיף אִיהְם יְהוּדָה אוּנ אַלֶע יִשְׂרָאֵל זַיינֶע חֲבֵירִים אוּנ אַיין הָאלְץ שְׁרַייבּ אוֹיף יוֹסף אוּנ אפרים אוּנ אַלֶע ישראל אוּנ זָאלְסְט זֵייא בַּאהֶעפְטִין עֶס זָאל פוּן זֵייא וֶוערִין אַיין הָאלְץ. אִין דֶער פרשה שְׁטֵייט אוֹיךְ וְוִיא דִיא שבטים זֶענִין זִיךְ צוּ זַאמֶען גִיקוּמְמֶען אוּנ זֶענִין גִיוָוארִין גֶעלִיבְּט אַיינֶער מִיט דֶעם צְוַוייטִין. אַזוֹי אוֹיךְ וֶועט זַיין אַז מָשִׁיח וֶועט קוּמְמֶען בב"א.

(יד) דֶער טַעַם פוּן דֶער הפטורה אִין פרשת ויחי. וַוייל עֶס שְׁטֵייט ויקרבו ימי דוד למות. אִין פרשת ויחי שְׁטֵייט דִיא פְּטִירָה פוּן יעקב אבינו.

(טו) דֶער טַעַם פוּן הפטורה אִין שמות. וַוייל עֶס שְׁטֵייט אַז דִיא ישראל וֶועלִין בְּלִיהֶען אוּנ זֵייא וֶועלִין זִיךְ מֶעהְרִין. אוֹיךְ שְׁטֵייט דָארְט. הָאט עֶר דֶען גִישְׁלָאגִין אַזוֹי וְוִיא דִיא שְׁלֶעגֶער דָאס מֵיינְט מֶען דִיא מצרים. אוֹיךְ שְׁטֵייט דָארְט פוּן דֶער גְאוּלָה וָואס וֶועט זַיין לעתיד בב"א.

(טז) דֶער טַעַם פוּן דֶער דפטורה פרשת וארא. וַוייל דִיא גַאנְצֶע נְבוּאָה וָואס עֶס שְׁטֵייט אִין דֶער הפטורה דָאס גֵייט אַרוֹיף אוֹיף פרעה מלך מצרים אוּנ דִיא מצרים. דָאס זֶעלְבֶּע וָואס עֶס שְׁטֵייט אִין דֶער פרשה וָואס משה רבינו הָאט נְבִיאוּת גִיזָאגְט אוֹיף דִיא מצרים.

(יז) אִין דֶער הפטורה אִין פרשת בא שְׁטֵייט פוּן דֶער מַפָּלָה פוּן פרעה אוּנ דִיא מצרים אִין סוֹף שְׁטֵייט אַיין הַבְטָחָה פַאר דִיא ישראל אַז השי"ת וֶועט נִישְׁט ח"ו פַאר לֶענְדִין דִיא ישראל אַזוֹי וִויא עֶס שְׁטֵייט אל תירא עבדי יעקב.

(יח) דֶער טַעַם פוּן דֶער הפטורה אִין בשלח. עֶס שְׁטֵייט דָארְט דִיא שִׁירָה פוּן דבורה אִין ברכ וכו'

(יט) דֶער טַעַם פוּן הפטורה פרשת יתרו. ווייל עֶס שְׁטֵייט דָארְט וְויא דִיא ישראל הָאבִּין גִיזֶעהְן וְויא עֶס אִיז אַנְטְפְּלֶעקְט גִיוָוארִין הש״ית כּבוד. אַזוֹי וְויא הקב״ה הָאט בֶּעוִויזִין זַייא דֶעם כבוד פוּן דֶער שְׁכִינָה אוֹיף דֶעם בַּארְג סִינַי.

(כ) דֶער טַעַם פוּן דֶער הפטורה אִין משפטים. עֶס שְׁטֵייט דָארְט אַז מֶען זָאל אַהֵיים שִׁיקֶען זַיין קְנֶעכְט אוּנ דִיא דִינְכְט אוּנ מֶען זָאל פְרַייא מַאכִין זַיין בְּרוּדֶער וכו׳ אַזוֹי וְויא אִין דֶער פרשת משפטים.

(כא) דִיא הפטורה פוּן תרומה שְׁטֵייט אוּים גִירֶעכִינְט דִיא מלאכת המשכן אַזוֹי וְויא אִין דֶער פרשה.

(כב) דֶער טַעַם פוּן דֶער הפטורה אִין תצוה. וַוייל עֶס שְׁטֵייט אוֹיךְ דָאס מלאכת המשכן אוֹיךְ שְׁטֵייט דָארְט דֶעם חנוכת המזבח אוּנ זִיבֶּען טֶעג פוּן מילואים אַזוֹי וְויא עֶס שְׁטֵייט אִין דֶער פרשה שבעת ימים תכפר על המזבח.

(כג) דֶער טַעַם פוּן דֶער הפטורה כי תשא. עֶס שְׁטֵייט אִין דֶער הפטורה וְויא אליהו הנביא אִיז פַאר הוֹילִין גִיוָוארִין אֵיין צַייט וָואס מֶען הָאט נִישְׁט גֶעוְוייסְט וְויא עֶר גֶעפִינְט זִיךְ. אַזוֹי וְויא עֶס שְׁטֵייט אִין פרשת תשא אַז מרע״ה אִיז גִיוֶועזִין אִין הִימֶעל אוּנ זַייא הָאבִּין נִישְׁט גֶעוְוייסְט וְויא עֶר אִיז. אוּנ אַזוֹי וְויא מרע״ה הָאט גִיהַארְגֶעט דִיא וָואס הָאבִּין גִידִינְט צוּ דֶעם עֶגֶל אַזוֹי אוֹיךְ הָאט אליהו אוּים גִיהַארְגִיט דִיא פַאלְשֶׁע נְבִיאִים.

(כד) דֶער טַעַם פוּן הפטורת ויקהל. וַוייל עֶס שְׁטֵייט דִיא מלאכת הבית דוּרְךְ חירם מלך צור וָואס עֶר אִיז גִיוֶועזִין פִיל מִיט חָכְמָה אוּנ ווִיסֶענְשַׁאפְט.

(כה) דִיא הפטורה אִין פקודי. ווייל עֶס שְׁטֵייט וְויא עֶס אִיז פַארְטִיג גִיוָוארִין דִיא גַאנְצֶע מלאכת הבית אִיז גִיוָוארִין פִיהְל דָאס בהמ״ק מִיט דֶער שְׁכִינָה. אַזוֹי וְויא עֶס שְׁטֵייט בַּייא דֶעם משכן.

(כו) דִיא הפטורה פרשת ויקרא עֶס שְׁטֵייט דָארט דִיא הָאסְט מִיר נִישְׁט גִיבְּרֶענְגְט אֵיין שֶׁעפֶּעלֶע פַאר אַ עוֹלָה אוּנ דִיא הָאסְט נִישְׁט גִיקוֹיפְט פַאר גֶעלְט וכו׳ דָאס גַאנְצֶע ענין פוּן קרבנות.

(כז) דִיא הפטורה אִין פרשת צו שְׁטֵייט אַז דֶער גַאנְצֶער רָצוֹן פוּן הש״ית אִיז מֶען זָאל צוּ הֶערִין זַיין קול אוּנ צוּ טָאהְן דֶעם רָצוֹן פוּן הש״ית אִיז בֶּעסֶער פוּן אַלֶע קרבנות.

(כח) דֶעם טַעַם פוּן דֶער הפטורה פרשת שמיני. וַוייל עֶס שְׁטֵייט דֶער טוֹיט פוּן עוזא. וַוייל עֶר הָאט גִישְׁטְרֶעקְט זַיין הַאנְד צוּם אָרוֹן אַזוֹי וְויא עֶס שְׁטֵייט אִין דֶער פרשה וְויא נדב ואביהוא זֶענִין פַאר בְּרֶענְט גִיוָוארִין.

(כט) דֶער טַעַם פוּן דֶער הפטורה פוּן תזריע וַוייל עֶס שְׁטֵייט דָארְט דָאס צרעת פוּן נַעֲמָן אוּנ וְויא עֶר אִיז גִיהַיילְט גִיוָוארִין.

(ל) דֶער טַעַם פוּן הפטורת מצורע עֶס שְׁטֵייט אִין דֶער הפטורה וְויא דִיא פִיהְר מצורעים זֶענִין גִיוֶועזִין אִין דֶער מחנה וכו׳.

(לא) דֶער טַעַם פוּן הפטורת אחרי. וַוייל עֶס שְׁטֵייט אִין דֶער הפטורה אַיין טְרֵייסְט פַאר דִיא ישראל אִין דֶער פרשה שְׁטֵייט אַז הש״ית אִיז אוֹיף זַייא מכפר אִין יוהכ״פ.

(לב) דיא הפטורה פון קדושים. ווייל עס שטייט אין דער הפטורה אז זייא האבין פאר שוועכט דעם היילינגין שבת אונ זייא האבין מבזה געוועזין זייער פאטער אונ מיטער אונ נאך פיהל זאכין וואס עס שטייט אין דער פרשה שטייט אין דער הפטורה.

(לג) דער טעם פון הפטורה פון פרשת אמור. ווייל עס שטייט אין דער הפטורה דיא דינים פון כהנים אז זייא זאללין זיך נישט מטמא זיין. וואס דאס געהער צו דער פרשה פון אמור.

(לד) דער טעם פון הפטורת פון פרשת בהר. ווייל עס שטייט דיא דינים פון נחלות דאס זעלבע וואס אין דער פרשה.

(לה) דער טעם פון הפטורת בחקותי. ווייל עס שטייט דיא קללות אין דיא ברכות. אונ דער אויס לאז פון דער הפטורה איז פון רפואה. איז דאס מרמז אז השי"ת וועט אונז היילען אויף דעם אללעם וואס עס שטייט אין דער תוכחה.

(לו) דער טעם פון דער הפטורה במדבר. ווייל עס שטייט אין דער הפטורה עס וועט זיין דיא צאהל פון דיא יודען וכו' אין פרשת במדבר זענין דיא ישראל געציילט געווארין.

(לז) דיא הפטורה פון נשא. ווייל עס שטייט דאס נזירות פון שמשון הגבור אין פרשת נשא שטייט אויך פון נזירות.

(לח) דיא הפטורה פון בהעלותך. ווייל עס שטייט דארט פון דיא לעכט פון זכריה הנביא.

(לט) דער טעם פון דער הפטורה שלח עס שטייט דארט וויא יהושע האט געשיקט מרגלים אזוי וויא מרע"ה האט געשיקט מרגלים.

(מ) דיא הפטורה פון פרשת קרח עס שטייט וויא שמואל הנביא האט געזאגט פון וועמין האב איך גענומען איין אקס אדער איין אייזיל. אזוי וויא מרע"ה האט געזאגט אין דער סדרה איך האב בייא קיינעם גאהר נישט גענומען.

(מא) דער טעם פון דער הפטורה חקת. ווייל עס שטייט וויא יפתח האט געשיקט שליחים צום מלך פון בני עמון אויך האט ער זייא געזאגט אז דיא יודען האבען פון דיין לאנד גאהר נישט צו גענומען.

(מב) דיא הפטורה פרשת בלק. עס שטייט דארט געדענק מיין פאלק וואס בלק דער מלך פון מואב האט אויף דיר געהאלטין איין עצה אונ וואס בלעם דער זוהן פון בעור האט איהם געענטפירט.

(מג) דער טעם פון דער הפטורה פנחס ווייל דארט שטייט פון אליהו אונ פנחס איז אליהו.

(מד) דער טעם פון דיא זיבען הפטורות פון טרייסטינג. ווייל עס ווערט געברענגט אין מדרש. הקב"ה האט געזאגט צו דיא נביאים נחמו נחמו עמי. ענטפירט דיא כנס"י אונ זאגט ציון. הקב"ה האט מיך פאר לאזט איך וועל נישט געטרייסט ווערין מיט דער טרייסט וואס דיא נביאים טרייסטין מיך. זאגין ווייטער דיא נביאים פאר הקב"ה עניה סוערה וואס וויל נישט געטרייסט ווערין פון אונזער טרייסט. אויף דעם זאגט הקב"ה איך אליין וועל איך טרייסטין. אונ ער זאגט זייא ווייטער פרייא דיך

דיך די עקרה וואס האט נישט געווינען . אויך זאגט ער שטייא אויף וועסט דוא לייכטען דען עס איז געקומען דיין ליכט . אויף דעם ענטפירט די כנס"י שוש אשיש בד' איבער דעם האבין די הפטורות א שייכות איינס נאך דעם אנדערין .

(מה) דער טעם וואס מען איז מזכיר אליהו הנביא אין מוצאי שבת קודש ווייל אין ערב שבת אין שבת קודש קען אליהו הנביא נישט קומען . אבער אין מוצ"ש קען ער קומען בעט מען ער זאל קומען אין מוצש"ק .

(מו) נאך קען מען זאגין איין טעם . ווייל די רשעים וואס דארפין נאך צו זיין אין גיהנם עטליכע טעג פון דער וואך נישט קיין גאנצע וואך דעמאלט איז אליהו זיך מקבל די טעג אונ מען שיקט שוין נישט דעם רשע מעהר אין גיהנם ארויין איבער די עטליכע טעג .

(מז) דער טעם וואס מיר זאגין אליהו הנביא יבוא אלינו עם משיח בן דוד . אליהו הנביא דארף דוך צו קומען איידער משיח בן דוד וועט קומען ער זאל אונז מבשר זיין אז משיח קומט . נאר דאס איז בעוויסט אז די גאולה וועט זיין אין דער צייט פון אחישנה וועלין קומען אליהו הנביא מיט משיח בן דוד בעצאמען ווייל עס קען נישט מיגליך זיין אז אליהו זאל קומען פריר מבשר זיין עס שטייט דוך אין פסוק היום אם בקולו תשמעו . אז אלע טאג ווען זייא וועלין תשובה טוהן קומט משיח אזוי וויא עס ווערט גיברענגט אין דער גמרא אז משיח אליין האט גיזאגט טאמער זענין זייא געקמין נישט ראוי גיוועזין צו דער גאולה אונ היינט האבין זייא תשובה גיטאהן וועט משיח היינט קומען . אונ אזוי וועט אליהו נישט פריר . קומען נאר אז די גאולה וועט נישט זיין פאר דער צייט נאר אין דער צייט וועט אליהו קומען פריר מבשר זיין אז משיח קומט איבער דעם טוהן מיר מתפלל זיין אז אליהו זאל קומען שנעל אין דער צייט פון אחישנה דעמאלט וועט ער קומען צו זאמען מיט משיח בן דוד .

(מח) נאך איין טעם וואס מען גידענקט אליהו הנביא אין מוצש"ק . ווייל מען מאכט איין הבדלה בין קודש לחול וכו' אזוי אויך אז אליהו הנביא וועט קומען וועט ער מאכין איין צווישען שייד פון כשרע מענטשין ביז נישט קיין כשרע .

## דיא טעמים פון ביהכנ"ס .

(א) דער טעם פון דעם וואס מען רופט דאס פערער הויז פון שוהל פאליש . ווייל אין די פאר צייטישע יאהרין איז גיוועזין דאס פאדער הויז אופען פון צווייא זייטען רופט מען דאס פאליש . דאס איז טייטש אופען לשון מפולש .

(ב) דער טעם וואס די בימה אין שוהל קומט גימאכט הויך . עס ווערט גיברענגט אין מדרש שטייט אין פסוק והנה אנכי נצב על ראש הגבעה פון דאנין לערינט מען אפ אז מען שטעלט די בימה אין דער הייך . עס שטייט ווייטער ומשה ואהרן וחור תמכו בידיו פון דאנין לערנין מיר אויס אז עס דארף שטיין בייא דעם חזן איינער פון דער רעכטער האנד אונ איינער פון דער לינקער .

(ג) דער טעם וואס די בימה ווערט אהן גערופען בלעמער דאס איז א ווארט בל אמור . דער פשט פון דעם איז כ"ז דאס ספר תורה ליגט אויף דער בימה טאהר מען גאהר נישט רעדין אפילו קיין דבר תורה .

(יד) אָדער נאך א פשט וואס מען רופט דאס בלעמער. בא, לאמור. דאס מיינט מען אז דאס איז נאר גימאכט גיווארין אויף דעם מען זאל דארט ליינען.

(ה) דער טעם פון דעם וואס עס איז א מנהג מכבד צו זיין צו ציילין ספירה איין אדם חשוב. ווייל אז עס וועט ציילין ספירה אזעלכער וואס איז נישט קיין בן תורה וועט עהר מיינען אז מיט זיין ברכה דארף ער מוציא זיין דאס גאנצע קהל. אונ אז דאס ציבור וועט דער נאך מאכין איין ברכה וועט עס זיין איין ברכה לבטלה איבער דעם איז מען מכבד א בן תורה מיט דער ברכה ער ווייסט אז ער זאל קיינעם נישט מוציא זיין.

(ו) דער טעם וואס מען מאכט נישט חתונה פון פסח ביז שבועות. ווייל די טעג זענין טעג פון צער עס איז גישטארבין די תלמידים פון ר"ע פון פסח ביז שבועות אדער ווייל די רשעים ווערין געמשפט אין גיהנם פון פסח ביז שבועות.

(ז) דער טעם פון דעם וואס מען זאגט פסח ביי נאכט נאך דעם סדר דעם פייט פון אחד מי יודע ווייל מיר האבין גומר גיוועזין צו ערצייליין יציאת מצרים האט מען מורא טאמער וועט מען זאגין וואס האבין מיר פאר א ריוח פון דעם וואס מען ערציילט די נסים פון יציאת מצרים וואס פאר א תועלת האבין מיר פון דעם מיר זענין דוך נישט ארויס גינאנגין אונ גאנצע פרייא אונ מיר זענין נישט אין אונזער רשות אונ דאס לאנד וואס אונזערע עלטערין האבין גיארבייט האבין מיר גאהר נישט קיין שום טהייל אין דעם אונ מיר זענין נע ונד פון איין ארט אויף דעם צווייטען קען דען א הינגעריגער זאט זיין מיט דעם וואס ער האט גיגעסין אין חלום אונ ער וועקט זיך איבער זעהט ער אז ער האט גאהר נישט. איבער דעם שטעלט דער מגיד דעם מאמר צו ווייזען די מעלות אונ די זכיות וואס מיר האבין נאך היינט אונ די מאמרים גיבען איין האפענונג אונ א טרייסט צו די ציבראכינע הערצער מען זאל זיך נישט ח"ו מייאש זיין פון דער גאולה דען מיר האבען איין הבטחה אז מיר וועלין אויס גילייזט ווערין אונ מיר האבין זיך אויף וואס סומך צו זיין דורך דעם זכות וואס מיר גלייבין אין אחדות השם אונ דורך דעם זכות פון דער תורה שבכתב ושבע"פ אונ דער זכות פון די אבות אונ דער זכות פון שבת אונ מילה אונ עשרת הדברות אונ דער זכות פון די שבטים אונ די י"ג מדות כסדר וואס עס שטייט דארט.

(ח) דער טעם פון דעם וואס מען זאגט דעם מאמר חד גדיא נאך דער הגדה. שרייבט דער תשב"ץ אז דער מחבר האט גישריבען דעם שיר בדרך משל אונ מליצה כדי די שפעטערדיגע דורות זאלין זיך ווינדערין אויף דעם אונ יעדער בעזונדער וועט זיך נעמין צום הארץ מען זאל וועלין פאר שטיין דעם מיינונג פון דעם מאמר אונ יעדער איינציגער וועט זיך משתדל זיין מען זאל מפורש זיין דאס רעטעניש פון דעם מאמר לויט זיין פערשטאנד. אונ דורך דעם וועט מען מעהרין צו ערציילין יציאת מצרים.

(ט) נאך איין טעם וואס מען זאגט דעם מאמר. ווייל אין דעם מאמר שטייט אויס גירעכינט דאס גאנצע פיהרונג פון די יודען. פון דער צייט וואס זייא זענין גיווארין איין פאלק ביז די גאולה וועט קומען בב"א א"ס בדרך רמז אין משל

דָא ווֶערְט עֶרְצֵיילְט דָאס פִיהְרוּנְג פוּן דִיא אָבוֹת אוּנ דִיא אִמָהוֹת אוּנ דִיא צְוֶועלְף שבטים אוּנ דָאס בֵּיהמ"ק דָאס עֶרְשְׁטֶע אוּנ דִיא צְווֵייטֶע אוּנ דִיא ד' מלכיות. אוּנ ביאת משיח. תחיית המתים וָואס וֶועט זַיין בקרוב בב"א אוּנ דֶעמָאלְט וֶועט בטל וֶוערִין דֶער יצה"ר פוּן דֶער וֶועלְט.

(י) דֶער טַעַם פוּן דֶעם וָואס מֶען פְלֶעגְט צוּ בְּרֶענְגִין ביכּוּרים מִיט שמחה אוּנ מִיט גִיזַאנְג. וַוייל בשעת דִיא מרגלים זֶענִין גִיקוּמֶען אוּנ זַייא הָאבִּין גֶעווִיזִין דִיא דִיא פֵּירוֹת פוּן ארץ ישראל הָאבִּין אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערִין אָהְן גִיהוֹיבִּין צוּ וַויינֶען דֶער נָאךְ אַז זַייא הָאבִּין זוֹכֶה גִיוֶועזִין צוּ קוּמֶען קֵיין ארץ ישראל אוּנ צוּ עֶסִין פוּן אִיהְרֶע פֵּירוֹת הָאט מֶען זַייא גִיגֶעבִּין אֵיין תיקון אַז זַייא וֶועלִין בְּרֶענְגִין ביכּוּרים זָאלִין זַייא זִיךְ משמח זַיין וֶועט דָאס זַיין אֵיין כּפרה פַאר דֶעם וָואס זַיי הָאבִּין גִיוויינְט.

# דִיא מִנְהָגִים אוּנ טַעֲמִים אוּנ לֶערְנִין.

(א) דֶער טַעַם פוּן דֶעם מנהג אַז מֶען לֶערִינְט אוֹיס אֵיין מסכת גִידֶענְקְט מֶען דִיא צֶעהְן זוּהְן פוּן רב פפא. וַוייל מִיר גֶעפִינֶען אַז אביי הָאט גִיזָאגְט אִין מסכת שבת אִיךְ הָאבּ אוֹיס גִילֶערִינְט אֵיין מסכת הָאבּ אִיךְ גִימַאכְט אֵיין יו"ט פַאר דִיא רבנן. זָאגְט רש"י אביי אִיז גִיוֶועזִין אֵיין ראֹש ישיבה. אוּנ רב פפא אִיז גִיוָוארִין ראֹש ישיבה נָאךְ רבא. קֶען מֶען זָאגִין אַז וֶוען רב פפא הָאט אוֹיס גִילֶערִינְט ש"ס הָאבִּין זַיינֶע קִינְדֶער עוֹסק גִיוֶועזִין אִין צרכי סעוּדה אוּנ רב פפא אִיז גִיוֶועזִין אֵיין עוֹשר אוּנ עֶר הָאט אוֹיף זַיין טִישׁ מחזיק גִיוֶועזִין פִיהְל תלמידי חכמים אוּנ זַיינֶע קִינְדֶער זֶענִין גִיוֶועזִין דִיא עֶרְשְׁטֶע פוּן פֶערְזַאמְלוּנְג אִיבֶּער דֶעם הָאט מֶען קוֹבע גִיוֶועזִין בַּייא יֶעדֶע גמר מסכתא מזכּיר צוּ זַיין דִיא קִינְדֶער פוּן רב פפא הגם עֶר הָאט גִיהַאט פִיהְל מֶעהְר וִויא צֶעהְן זוּהְן נָאר וַוייל דִיא זוּהְן זֶענִין גִיוֶועזִין דִיא עֶלְצְטֶע אִיז מֶען נָאר מזכּיר דִיא צֶעהְן זוּהְן.

(ב) דֶער טַעַם וָואס מֶען רוּפְט מסכת בּיצה נִישְׁט מסכת יו"ט. מֶען אִיז מִיט דֶעם מוֹדיע אַז אפילוּ אִין דֶער שמחה זָאל מֶען אוֹיךְ נִישְׁט מסיח דעת זַיין פוּן יוֹם המיתה אִיז דָאס גִיזָאגְט בדרךְ רמז וַוייל בּיצה אִיז אֵיין מאכל פַאר אבילים.

(ג) דֶער טַעַם פוּן דֶעם וָואס אַלֶע סדרים פוּן גַאנְץ ש"ס וֶוערִין אָהְן גֶערוּפֶען בלשון רבים נשים. נזיקין. קדשים. טהרות נָאר סדר מוֹעד וֶוערְט אָהְן גֶערִיפֶען בלשון יחיד וַוייל אַלֶע סדרים וֶוערִין אָהְן גֶערוּפֶין בלשון רבים כּדי מֶען זָאל כּולל זַיין אַלֶע מסכתות. אָבֶּער אִין מוֹעד אַז עֶס וֶועט שְׁטֵיין מוֹעדים וֶועט נָאר זַיין יו"ט אַלֵיין אִין כּלל אָבֶּער נִישְׁט שבּת וַוייל מוֹעדים וֶוערִין נָאר אָהְן גֶערוּפִין יו"ט. אָבֶּער מוֹעד אִיז שבּת אוֹיךְ אִין כּלל אַזוֹי וִויא מִיר גֶעפִינֶען עֶס שְׁטֵייט אִין פסוּק אלה מוֹעדי ה' אִיז שבּת אוֹיךְ. אוֹיךְ חוה"מ זָאל זַיין אִין כּלל וָואס חוה"מ וֶוערְט גֶערִיפֶען מוֹעד קטן.

(ד) נָאךְ אֵיין טַעַם וָואס מוֹעד שְׁטֵייט אַלָשוֹן יחיד. וַוייל דִיא אַלֶע זֶעקְס סדרים לֶערִינְט מֶען אָפּ פוּן פָּסוּק והיה אמוּנת עתךָ חוֹסן ישוּעוֹת חכמת ודעת. אוּנ דִיא אַלֶע סדרים זֶענִין אַלָשוֹן רבים נָאר עתךָ וָואס דָאס טַייטְשׁ מֶען מוֹעד שְׁטֵייט

אלשון

אַ לָשון יחיד עֶס שְׁטֵייט עַתְּךָ אָהְן אַ יוד אִיבֶּער דֶעם קוּמְט מוּעֶר בּלשון יחיד:

(ה) דֶער טַעַם פוּן דֶעם וָואס מֶען אִיז זִיךְ נוֹהג אַז דָאס קִינְד הַייבְּט אָהְן צוּ לֶערְנִין חומש פרשת ויקרא מַאכְט מֶען אַיין סעודה פַר דִיא קִינְדֶער אוּנ מֶען טְהֵיילְט זַייא זִיסֶע שְׁפֵּייזֶען אוּנ דָאס קִינְד זָאגְט אַיין דרשה. אוּנ דָאס צְוַייטֶע קִינְד פְרֶעגְט עֶהְם אוּנ דָאס קִינְד עֶנְטפֶערְט אוּנ יֶעדֶער בֶּענְטְשְׁט דָאס קִינְד אוּנ מֶען טְהֵיילְט דֶעם גַאנְצִין עולם זִיסֶע שְׁפֵּייזֶען אוּנ דֶעם מלמד שֶׁענְקְט מֶען אַיין אוֹרִינְטְלִיךְ גִישַׁאנְק. וַוייל מִיר גֶעפִינֶען אַזוֹי בּשעת דָאס ביהמ״ק אִיז גִישְׁטַאנִין אַז עֶס אִיז פַארְטִיג גִיוָוארִין אַ פרי פוּן דִיא זִיבֶּען מינים פוּן שבח ארץ ישראל הָאט מֶען גִיבְּרֶענְגְט דִיא פרי מִיט שמחה אוּנ גִיזַאנְג אִין ביהמ״ק אַרַיין. אִיבֶּער דֶעם אַז עֶס וֶוערְט בַּייא עֶהְם פַארְטִיג זַיין גֶעלִיבְּטֶסְטֶע פרי דָאס אִיז וֶוען זַיין זוּהְן וֶוערְט אַלְט פִינְף יָאהְר אוּנ עֶר הֵייבְּט אָהְן צוּ לֶערְנִין חומש אִיז דֶער פָאטֶער מחויב צוּ גֶעבִּין אַיין שבח והודאה צוּ הקב״ה וָואס עֶר הָאט זוכה גִיוֶועזִין צוּ דֶעם טָאג עֶר זָאל מחנך זַיין דֶעם זוּהְן לעבודת הבורא. אִיבֶּער דֶעם מַאכְט עֶר אַיין סעודת חינוּךְ אוּנ עֶר אִיז אוֹיךְ משמח דִיא קִינְדֶער וָואס זֶענִין זַיין גְלַייכִין כּדי צוּ מַאכִין גֶעלִיבְּט אִין זַייעֶרֶע אוֹיגִין דִיא תּוֹרה אוּנ קנאת סופרים מִיט מֶעהְרִין חכמה אוּנ יֶעדֶער אֵיינְצִיגֶער פוּן זַייא וֶועט זִיךְ דוּרךְ דֶעם מורז זַיין בַּאגֶערִין צוּ לֶערְנִין אוֹיךְ אִיז מֶען מחויב משמח צוּ זַיין דֶעם מלמד וַוייל עֶר הָאפְט אוֹיף דֶעם:

(ו) דֶער טַעַם פוּן דֶעם וָואס אַ רַב שְׁטֶעלְט זִיךְ זָאגִין אַ דרוש זָאגְט עֶר פְרִיר פלפל אוּנ הלכה דֶער נָאךְ זָאגְט עֶר הגדה כּדי מֶען זָאל עֶהְם נִישְׁט חושד זַיין אַז עֶר אִיז אַיין בּוּר נָאר עֶר הָאט זִיךְ אוֹיס גִילֶערְנְט עֶטְלִיכֶע דרשות אִיז עֶר נִישְׁט רָאוּי עֶר זָאל זִיךְ אַנִידֶער שְׁטֶעלִין זָאגִין אַ דרוש פַאר דֶעם קהל בַּייא דֶעם ארון הקודש אִיבֶּער דֶעם הָאט מֶען אַיין גֶעפִירְט עֶר זָאל פְרִיר זָאגִין פלפול אוּנ הלכה וֶועט מֶען זֶעהְן אַז עֶר אִיז אַיין ת״ח אוּנ עֶר אִיז רָאוּי צוּ דֶעם כּבוד עֶר זָאל זָאגִין אַ דרוש פַר דֶעם עוֹלָם וֶועט מֶען עֶהְם אָהְן טָאהְן כָּבוד:

(ז) דֶער טַעַם פוּן דֶעם וָואס מֶען לֵייגְט אַ חומש ויקרא אוּנְטֶער דֶעם קָאפּ פוּן אַ קִינְד וָואס עֶס וֶוערְט גִיבָּארִין. וַוייל עֶס שְׁטֵייט אִין פָּסוּק זה ספר תולדות אדם אִיז דֶער פשט אַז בשעת דֶער מֶענְטְשׁ וֶוערְט גִיבָּארִין דַארְף מֶען עֶהְם גֶעבִּין אַ ספר אוּנ דֶער טַעַם פוּן ויקרא וַוייל אַיין קְלֵיין קִינְד אִיז רֵיין אַזוֹי וִויא אַ קָרְבָּן:

(ח) דֶער טַעַם פוּן דֶעם וָואס מען זָאגְט בַּייא אַיין ברית מילה בּדמיךְ חיי צְוַוייא מָאהְל. וַוייל אַיידֶער מֶען אִיז מל דָאס קִינְד הָאט מֶען נִישְׁט גִיטָאהְרְט זָאגִין דֶער מִיט קֵיין דברי תורה אַזוֹי וִויא מִיר גֶעפִינֶען אִין דֶער גמרא אַז מֶען הָאט נִישְׁט גִיוָואלְט לֶערְנִין תורה מִיט אונקלוס הגר בִּיז עֶר הָאט זִיךְ מל גִיוֶועזִין אוֹיךְ הָאט דָאס קִינְד נִישְׁט גִיטָאהְרְט עֶסִין פוּן קרבן פסח אַזוֹ וִויא עֶס שְׁטֵייט כּל ערל לא יאכל בּוֹ. אוּנ אַצוּנְד דוּרךְ דֶער מילה וֶוערְט עֶר רָאוּי צוּ לֶערְנִין תורה וָואס דִיא תּוֹרָה אִיז אַיין לֶעבִּין אַזוֹי וִויא עֶס שְׁטֵייט אִין פָּסוּק כּי חיים הם למוצאיהם. אוֹיךְ וֶוערְט עֶר רָאוּי צוּ עֶסֶען פוּן קרבן פסח אוּנ דוּרךְ דֶעם קרבן פסח זֶענִין דִיא ישראל גֶעבְּלִיבִּין לֶעבִּין בּשעת הקב״ה הָאט גִישְׁלָאגִין דִיא בכורים פוּן מצרים אִיבֶּער דֶעם זָאגְט מֶען צְוַוייא מָאל בּדמיךְ חיי. אִיבֶּער דֶעם קרבן פסח אוּנ אִיבֶּער דֶער תּוֹרָה:

דער

## דיא מנהגים אונ טעמים פון ספירה ציילין.

(א) דער טעם פון דעם וואס מען מאכט גיט קיין שהחיינו בשעת מען ציילט ספירה. ווייל מען האט נישט קיין הנאה פון ציילין אויך איז דאס נישט קיין שמחה. אונ שהחיינו קומט צו מאכין נאר ווען עס איז דא בייא דער מצוה איין הנאה אדער א שמחה. נאך איין טעם. ווייל דאס ציילין ספירה איז איין זאך פון ע״נ. ווייל אין חוץ לארץ איז נישט נוהג קיין עומר. נאך איין טעם וואס מען מאכט נייט קיין שהחיינו ווייל דיא ברכה קומט נאר צו מאכין ווען עס איז א גמר פון דער מצוה אבער דיא מצוה פון ספירת העומר איז נאך נישט דער גמר ביז שבועות.

(ב) דער טעם פון דעם וואס איין אשה מאכט נישט קיין ברכה בשעת זיא ציילט ז׳ נקיים. ווייל דיא מצוה פון ספירה ציילין דאס איז איין הכרח מען איז מחויב צו ציילין ספירה איבער דעם דארף מען צו מאכין איין ברכה אבער דיא ז׳ נקיים וואס דיא אשה ציילט איז דאס נישט קיין הכרח אז זיא וויל זיך נישט באהעפטין צו איהר מאן אונ זיא זאל שטענדיג בלייבין איין נדה מעג זיא אונ זיא איז פטור פון טבילה אונ ציילין ז׳ נקיים איבער דעם מאכט מען נישט קיין ברכה בייא דיא ספירת ז׳ נקיים.

(ג) נאך איין טעם וואס מען מאכט נישט קיין שהחיינו בייא דער ספירה. ווייל דער ר״ן שרייבט אז בייא ספירת העומר איז דער דין אז מען פרפעלט איין מ״אל צו ציילין זאל מען שוין נישט מעהר ציילין. איז דאס דוך נישט קיין מצוה זמנית געשיקט זיך נישט צו מאכין בייא דעם א ברכה שהחיינו וקימנו לזמן הזה.

(ד) נאך איין טעם וואס מען מאכט נישט קיין שהחיינו בייא דער ספירה. ווייל דאס וואס מען ציילט ספירה איז נאר איבער איין זכר אזוי ווערט גיברענגט אין דער גמרא מנחות אז אמימר האט נאר גיציילט בלויז דיא טעג נישט קיין וואכין ער האט גיזאגט אז דאס מאכט מען נאר איין זכר למקדש אונ אזוי איין מצוה וואס איז נאר אויף איין זכר קומט נישט צו מאכין איין שהחיינו.

## דיא טעמים אונ דיא מנהגים פון פורים.

(א) דער טעם פון דעם וואס מען זאגט ואתה קדוש נאך דער מגילה. ווייל אסתר האט מתקן גיוועזין דיא תפלה פון אלהי אקרא יומם וגו׳ אונ נאך דעם שטייט ואתה קדוש יושב תהלות ישראל איבער דעם זאגט מען שוין אונ גאנצין ביז דעם סוף:

(ב) דער טעם פון דעם וואס מען גיט צדקה אין פורים ווייל פורים איז גלייך צו יוהכ״פ אין יוהכ״פ שטייט אתה נותן יד לפושעים וכו׳ אונ מען זאגט הפותח שער לדופקי בתשובה אונ דאס נס פון פורים איז גיוועזין דורך תשובה אונ כדי מען זאל מקיים זיין אלע דרייא זאכין פון תשובה. תפלה. תענית. צדקה. אין תענית האט מען מקיים גיוועזין אין י״ג אדר אין קול איז דאס ליינין דיא מגילה. אונ צדקה גוט מען מתנות לאביונים. איבער דעם ווער עס שטרעקט ארויס דיא האנד גוט מען צדקה.

דער

(ג) דער טַעם פון דעם וואס דיא סעודה פון פורים עסט מען ביא נאכט. אויך אין ש״ע שטייט אז דיא סעודה זאל מען עכ״פ אהן הייבין צו עסען ביא טאג נאר דער גמר פון דער סעודה איז ביא נאכט פאר וואס געפינען מיר נישט אזוי ביא קיין שום יו״ט נאר אלע יו״ט איז דער עיקר סעודה דיא נאכט צו פאהר. אויך אין שבת איז דיא ערשטע סעודה באלד פרייטיג צו נאכטס פון דעם קענין מיר פאר שטיין אז פורים ווערט דיא נאכט פון נאך פורים גירעכינט צו פורים. אזוי וויא ביא איין קרבן וואס דיא נאכט גיהער נאך דעם טאג וואס איז פאר ביא גיגאנגין. דער טַעם פון דעם ווייל דאס וואס מען מעקט אפ דעם זכר פון אגג איז גלייך וויא מען איז מקריב איין קרבן וואס דיא נאכט גיהער אויך נאך דעם טאג:

(ד) נאך איין טַעם ווייל עס ווערט גיברענגט אין מדרש אסתר אויף דעם פסוק והקרוב אליו אז דיא מלאכים האבין ממליץ גיוועזין אויף דיא ישראל פאר הקב״ה דורך דעם זכות פון דיא קרבנות אונ דיא מנחות אונ נסכים. איבער דעם מאכט מען אויף דעם איין רמז אונ מען עסט דיא סעודה ביא נאכט מזכיר צו זיין דעם זכות פון דיא קרבנות:

(ה) דער טַעם פון דעם וואס מען גרייט אהן אויף פורים פערשידינע זיסע שפייזען צו שיקען משלוח מנות. ווייל אונזערע חכמים האבין גידארשינט אויף דעם פסוק הדודאים נתנו ריח. אז דאס מיינט מען מרדכי אונ אסתר אונ ווייטער אין פסוק שטייט על פתחינו כל מגדים. אז מען גרייט אהן ביא דיא יודען פערשידענע זיסע שפייזין איז פון דעם פסוק גידרינגען אז ווען מען גידענקט מרדכי אונ אסתר היינו פורים דארף צו זיין אהן גיגרייט זיסע שפייזין:

(ו) דער טַעם פון דעם וואס מען האט מתקן גיוועזין אין דעם נוסח פון דער ברכה נאך דער מגילה זעקס ערלייא לשונות. הרב את ריבנו. והדן. והנוקם. והנפרע והמשלם. הנפרע. אקייגין דיא זעקס מענטשין פון דיא ישראל וואס האבין מלחמה גיהאלטין מיט עמלק. יהושע. גדעון. אהוד. שאול. דוד. מרדכי. האל המושיע דאס וועט זיין ווען משיח וועט קומען בב״א:

(ז) דער טַעם פון דעם אז מען ליינט דיא מגילה ווען מען האלט ביא בלילה ההיא נדדה שנת המלך הייבט מען אהן אויף איין העכער קול. ווייל אונזערע חכמים האבין גידארשינט אז המלך גייט ארויף אויף הקב״ה:

(ח) דער טַעם פון דעם וואס ביא אלע ברכות פון שמ״ע זאגט מען קרובץ אין פורים נאר ביא דער ברכה פון את צמח זאגט מען נישט קיין קרובץ. ווייל דאס נס פון פורים איז געקומען דורך מרדכי ואסתר וואס זייא קומען ארויס פון שבט בנימין. האט דאס מלכות פון בית דוד קיין שום חלק נישט אין דעם איבער דעם קומט נישט צו זאגין קיין קרובץ ביא דער ברכה פון את צמח וואס דאס גייט ארויף אויף מלכות בית דוד:

(ט) דער טַעם וואס דער פיוט פון פורים ווערט אהן גערופין קרובץ. ווייל קרובץ איז ר״ת פון קול רנה וישועה באהלי צדיקים:

דער

# דיא מנהגים פון קדיש אונ קדושה.

(א) דער טעם פון דעם וואס אין קדיש לאזט מען אויס ואמרו אמן אבער בענטשין אונ יקום פורקן אונ שבת אויך אונ יחדשהו לאזט מען אויס ונאמר אמן איז דער טעם אזוי. ווייל דער אמן נאך קדיש איז איין חיוב. אזוי וויא מיר געפינען אין אונזערע היילינע ספרים ווערט גיברענגט אז מיט דעם אמן נאך קדיש איז מען מעיד אז דער שבח פון השי"ת איז אמת איבער דעם זאגט מען ואמרו אמן מיט א לשון חיוב אבער אין בענטשין אדער אין יקום פורקן וואס דאס איז איין בקשה פאר א יחיד וואס ער איז מתפלל אויף זיך אדער אויף דעם כלל ישראל איבער דעם זאגט מען מיט א לשון בקשה ונאמר אמן:

(ב) דער טעם פון דעם וויאס מענכעם מאהל זאגט מען קדיש נאך דעם לייענען אויף דער בימה אונ מענכעס מאהל זאגט מען נישט קיין קדיש וועל דיר געבין איין כלל אויף דעם. מען מינערט נישט קיין מאהל ווייניגער וויא זיבען קדישים אלע טאג. אזוי וויא דער פסוק זאגט שבע ביום הללתיך. דער ערשטער קדיש איז נאך ישתבח. דער צווייטער נאך שמ"ע. דער דריטער נאך ובא לציון דער פערטער נאך עלינו. דער פינפטער נאך אשרי בייא מנחה. דער זעקסטער נאך שמ"ע בייא מנחה. דער זיבעטער נאך קר"ש פון ערבית אונ דיא זיבען קדישים זענין איין חיוב אונ דער קדיש מיט תתקבל וואס מען זאגט נאך שמ"ע בייא מעריב איז איין רשות ממילא איז דיא איבעריגע קדישים וואס מען זאגט איין רשות איבער דעם איז נישט שטענדיג גלייך אז מען וויל זאגט מען קדיש נאך דעם לייענען אבער אז מען וויל נישט זאגין איז עס נישט קיין חוב:

# דיא מנהגים פון שבת.

(א) דער טעם וואס מען זאגט מי שעשה נסים בשעת מען בענטשט ר"ח. ווייל דיא מצוה פון קידוש החודש איז גיוועזען דיא ערשטע מצוה וואס זייא זענין גיבאטען גיווארען בייא דער ערשטער גאולה ווען זייא זענין ארויס געגאנגען פון מצרים איבער דעם זענין מיר מתפלל בשעת מען בענטשט ר"ח אז הקב"ה זאל אונז נאך אמאהל, בעווייזען נסים אין דעם חודש מיר זאלען אויס געלייזט ווערין:

(ב) דער טעם פון דעם וואס אין שבת תשובה זאגט דער רב איין דרשה. ווייל עס ווערט גיברענגט בשעת דער חכם זאגט איין דרשה איז הקב"ה מכפר דיא זינד פון דיא יודען:

(ג) דער טעם פון דעם וואס מען זאגט צדקתך צדק אין שבת בייא מנחה ווייל אין ערב שבת קומט דער מלאך וואס איז גיזעצט איבער דיא רוחות אונ ער רופט אויס איהר רשעים גייט ארויס פון גיהנם אונ רוהט אזוי וויא דיא ישראל רוהען אין שבת אונ מוצאי שבת רופט ער ווייטער אויס איהר פושעים גייט צירוק אין גיהנם דיא ישראל האבין שוין גומר גיוועזן דעם שבת אונ כל זמן דיא ישראל האבין נאך נישט גיזאגט דיא דרייא פסוקים זארגין זייא נאך נישט אונ זייא זאגען

מיר האבען נאך צייט דיא זין איז נאך נישט אונטער גינאנגען . אבער אז דיא ישראל האבין שוין אפ גיראווינט מנחה אונ עס הייבט אהן צו ווערין נאכט הייבין זייא זיך שוין אהן מצער צוא זיין וואס זייא וועלין דארפין צרוק גיין אין גיהנם איבער דעם זענען זייא אויף זיך מצדיק דעם דין:

(ד) נאך איין טעם וואס מען זאגט בייא מנחה דיא דרייא פסוקים ווייל נאך מנחה עסט מען דיא סעודה שלישית. אונ מען זאגט אין מסכת שבת אז ווער עס עסט אין שבת דרייא סעודות ווערט ער ניצול פון דרייא ערלייא פורעניות. פון חבלי משיח אונ מלחמות גוג ומגוג אונ פון דין פון גיהנם איבער דעם איז מען זיך נוהג צוא זאגען דיא פסוקים איבער דיא דרייא חסדים וואס השי"ת וועט מיט אונז טוהן. צדקתך צדק איז קייגען דעם דין פון גיהנם. צדקתך אלהים איז אקייגען מלחמות גוג ומגוג. צדקתך כהררי אל איז אקעגין חבלי משיח.

(ה) דער טעם פון דעם וואס מען זאגט אין מוצאי שבת דיא פרשה וישלח יעקב מלאכים. ווייל עס שטייט דארט עד אשר אבוא אל אדוני שעירה דער פשט פון דעם יעקב האט גיזאגט צו עשו'ן ביז איך וועל קומען צום האר קיין שעיר דאס וועט זיין אז משיח וועט קומען אונ מיר האפען מוצאי שבת אז אליהו הנביא אונ משיח בן דוד זאלין אצונד קומען איבער דעם זאגט מען עס אין מוצ"ש:

(ו) דער טעם פון דעם וואס אז מען האט נישט קיין וויין אויף קידוש מעג מען מאכין קידוש איבער דיא חלות אבער הבדלה מוז מען מאכען נאר איבער וויין ווייל הבדלה איז נישט גלייך צוא קידוש דען נאך קידוש מוז מען באלד עסען איין סעודה וואריין קידוש איז נאר במקום סעודה איבער דעם קען מען יוצא זיין קידוש אויך מיט פת פון דער סעודה. אבער הבדלה דאס גיהער גאהר נישט צו קיין סעודה אונ דער עיקר תקנה וואס מען האט מתקן גיוועזען הבדלה איז נאר גיוועזין איבער וויין:

## דיא מנהגים פון תענית.

(א) דער טעם פון דעם וואס מען זאגט נישט אין ט' באב אין דער פריה נחם אין דער שמ"ע נאר בייא מנחה. ווייל מען טרייסט נישט קיין אבל בשעת דער בן מינן ליגט נאך פאר עהם אין ט' באב אין דער פריא איז גיוועזין דער חרבן פון ביהמ"ק האט מען נישט מתקן גיוועזין צו זאגין אין דער פריא נחם ווייל דאס איז איין טרייסט נאר הערשט בייא מנחה:

(ב) דער טעם פון דעם וואס אין ט' באב זאגט מען דיא הפטורה אסוף אסיפם אין ירמיה. ווייל אין דער הפטורה שטייט על מה אבדה הארץ אונ עס ווערט גיברענגט אין מדרש ההפץ פון ר' יהויא: בר כלימאן אז אהן איז גישטאנין אין ירושלים האט ער גיטאהן שלעכטס אין גאסס אויגין אז דער כהן האט גיברענגט דאס קרבן אויף דעם מזבח האט ער א שפייא גיטאהן דעם כהן אין פנים אריין אונ אז דער כהן האט אראפ גינידערט פון מזבח האט ער גינומין דאס כלות פון כהן אונ ער האט איהם דאס פנים אהן גישמירט אזוי וויים האט

ער

ער מבזה געוועזען אין דער עבודה פון ביהמ"ק אונ ער האט בעהאלטען די ספרים די יודען זאלען נישט האבין אין וואס צוא לערנין אונ ער האט גימאכט זיך הימלען פון אזוי מין מתכות אויך האט ער גימאכט די שטערין אונ מזלות אונ ער האט זיך געבוקט פאר זייא אלץ צוא דער צערנין השי"ת איז צוא איהם אריין געקומען איינער פון די נביאים אונ ער האט איהם גיפרעגט פאר וואס ער איז מבזה השי"ת האט ער גיענטפערט קום צוא מיר אהיים וועסט האבין תשובה איז דער נביא צו איהם גיקומען האט מען איהם גיברענגט איין שער אונ ער האט דעם נביא אפ גשוירין די בארד אויך האט ער גענומען איין טויטען כלב אונ האט איהם אהן גיהאנגען אין האלדז אונ ער האט אויף איהם גוזר גיוועזין ער זאל אזוי דורך גיין די גאסין ביז א מלאך פון הימעל איז אראפ געקומען. אויף דעם פרוצות האט ירמיה הנביא גיקלאגט אונ ער האט גיזאגט פאר וואס איז פאר לארין גיווארין דאס לאנד דאס מיינט מען דאס ביהמ"ק איז חרוב גיווארין אונ די יודען זענין פאר טריבען גיווארין פון זייער לאנד דאס איז גישעהן אין ט' באב איבער דעם טעם זאגט מען די הפטורה פון אסוף אסיפם אין ט' באב:

## דיא מנהגים פון תפילין לייגין.

(א) דער טעם פון דעם וואס מען איז זיך נוהג אז א קינד פון דרייצין יאהר וואס עס הייבט אהן תפילין הייבט עס אהן א חודש פריר איידער עס ווערט אלט נאנצע דרייצין יאהר. ווייל מען דארף איהם מחנך זיין אונ מען זאל איהם אויס לערנין דעם סדר פון תפילין לייגין אין אלע דינים ער זאל זיין בקי אין זייא איבער דעם מוז מען איהם פריר אויס לערנין איידער ער ווערט אלט דרייצין יאהר וואס דעמאלט איז ער שוין מחויב מה"ת צו לייגין תפילין כדי ער זאל מקיים זיין די מצוה פון תפילין אזוי וויא דער דין איז אין דער צייט ווען ער איז מחויב. אונ דער שיעור פון דרייסיג טאג פריר ווייל מיר געפונען אז דרייסיג טאג פאר יו"ט הייבט מען שוין אהן צוא דרשינען די דינים פון הלכות יו"ט אזוי דא איז אויך דער שיעור אוים צו לערנין זיך די דינים פון תפילין לייגין דרייסיג טאג פריר:

(ב) דער טעם פון דעם וואס א יתום הייבט אהן צו לייגין תפילין איין יאהר פריר אזוי איז א מנהג בייא די ספרדים אין ירושלים ווייל ער איז איין יתום האט איהם נישט ווער עס זאל איהם מחנך זיין מיט מצות אונ מען דארף מזכה זיין דעם פאטער מיט איין מצוה וואס דער זוהן טוט איבער דעם הייבט ער אהן צו לייגין תפילין איין יאהר פריר:

(ג) דער טעם פון דעם וואס מען וויקילט דיא צוא תפילין אזוי וויא פליגעל דאס מאכט מען איין זכר אויף דעם נס וואס עס איז גישעהן אלישע בעל כנפים מען האט גוזר גיוועזין אז מען זאל נישט לייגין קיין תפלין אמאהל האט איהם גיטראפען איין שר אז דער אלישע האט בייא זיך גיטראגין תפילין

איהם

איהם דער שר גפרעגט וואס האסט דוא ביא דיר האט אלישע גיענטפירט אז ער האט פליגעל פון איין טויב האט דער שר אויף גירעקט איז איהם גישעהן א נס אז עס איז גיווארען פליגעל פון טויבין:

## דיא טעמים אונ מנהגים פון דער תקופה.

(א) דאס וואס מען איז זיך נוהג אז מען טרינקט נישט קיין וואסער בשעת דיא תקופה גיפאלט סיידין עס איז גיוועזין באדעקט מיט איין אייזען. ווייל דיא צייט פון דער תקופה איז א סכנה צוא טרינקען וואסער עס קען שאטין ווייל דיא תקופה פון ניסן איז דעמאלס ווען אללע וואסערין זענין באקעהרט גיווארין אויף בלוט. דיא תקופה פון תמוז גיפאלט דעמאלס ווען מרע"ה האט גישלאגין דעם שטיין אונ עס איז ארויס גיגאנגען בלוט זענען דעמאלס אלע וואסערין פון דער וועלט איבער גיקערט גיווארין אויף בלוט. אונ דיא תקופה פון תשרי איז גיוועזין אין דער צייט ווען אאע"ה האט גיוואלט שעחטין זיין זוהן יצחק אויף דער עקידה האט דאס מעסער גישפריצט מיט בלוט איז דאס טראפין פון מעסער פאר שפרייט גיווארין אין אלע וואסערין אונ זייא זענין גיווארען פוהל מיט בלוט. אונ דיא תקופה פון טבת ווייל אין דער רגע ווען דיא תקופה גיפאלט איז גישאחטין גיווארען יפתח'ס טאכטער איז גיווארען פון אלע וואסערין בלוט איבער דעם קען ניטט זיין קיין וואסער אין דער צייט קיין וואסער אז עס זאל זיך נישט גיפינען קיין בלוט אונ דאס בלוט שאט צום גוף איבער דעם מוז מען אין דיא צייטין פאר היטען עס זאל נישט קענין צוא קומען קיין בלוט:

(ב) נאך איין טעם וואס מען פאר היט פאר דער תקופה דאס וואסער. ווייל אין דיא פיהר תקופות היטען אפ דיא וואסערין פיהר מלאכים יעדער אין זיין תקופה אז עס קומט דיא צייט ווען דיא תקופה גיפאלט בייטען זיך דיא מלאכים בלייבט איבער דאס וואסער אין דער רגע פון דער תקופה אהן שמירה איז דאס וואסער איין סכנה צו טרינקען:

## דיא טעמים אונ מנהגים פון דאווינען.

(א) דער טעם פון דעם וואס מען זאגט אין אהן הייב דאווינען מה טובו אוהליך יעקב וכו' וואס בלעם האט דאס גיזאגט. ווייל עס ווערט גיברענגט אין מדרש אז אלע ברכות וואס בלעם הרשע האט גיבענטשט דיא ישראל זענין פון אלע ברכות גיווארען קללות חוץ פון דער איינער ברכה וואס זיא איז גיבליבין איין ברכה. אויך שטייט אין פסוק ואהי להם למקדש מעט בארצות אשר באו שמה דער פשט פון דעם אז איך וועל זייא רעכינען פאר איין הייליג ארט אין דיא לענדער וואס זייא וועלין אהין קומען איבער דעם זאגט מען מה טובו עס זאל זיין גירעכינט גלייך וויא ער וואלט גיקומען אין ביהמ"ק אריין אונ עס זאל זיין אויף איהם דיא פארכט גלייך וויא אין ביהמ"ק מען זאל נישט ריידען דארט קיין

שיחה

שיחה בטילה נָאר בְּלויז עוסק צוּ זַיין אִין תורה אִין תפלה דֶעמָאלְס וֶוערְט עֶס גֶערֶעכִינְט גְלַייךְ וִויא דָאס ביהמ"ק :

(ב) דֶער טַעַם וָואס מֶען זָאגְט אדון עולם . וַוייל עֶס וֶוערְט גִיבְּרֶענְגְט פוּן ר' יהודה החסיד וֶוער עֶס אִיז מְכַוֵון אִין. אדון עולם בֵּין אִיךְ ערב אִין דער זַאךְ אַז זַיין תפלה וֶועט דֶער הֶערְט וֶוערִין אוּנ קֵיין שָׂטָן וֶועט נִישְׁט מקטרג זַיין אִין זַיין תפלה . אוּנ זַיינֶע פַיינְד וֶועלִין פַאלֶען אוּנְטֶער אִיהְם אוֹיךְ דֶער יצה"ר וֶועט מִיט אִיהְם שְׁלִיסֶען פְרִיד :

(ג) דֶער טַעַם וָואס מֶען זָאגְט יגדל . וַוייל אַז עֶר שְׁטֶעלְט זִיךְ מתפלל זַיין דַארְף עֶר צוּ גְלוֹיבִּין אוּנ פאר זִיכערין זִיךְ אָהְן השי"ת . אִיבֶּער דֶעם זָאגְט מֶען פְרִיר יגדל וָואס אִין אִיהם וֶוערְט אוֹיס גִירֶעכִינְט אַלֶע דְרַייצִין עקרים וָואס יֶעדֶער אֵיינְצִיגֶער יוּד דַארְף אִין דֶעם צווּא גְלוֹיבִּין אִין דִיא י"ג עקרים זֶענִין דֶער יסוד פוּן דֶער גַאנְצֶער תּוֹרָה :

(ד) דֶער טַעַם פוּן דֶעם וָואס מֶען הַאלְט דִיא ציצית אִין דֶער הַאנְט בשעת מֶען זָאגְט ברוּךְ שאמר . וַוייל עֶס שְׁטֵייט אִין פָּסוּק גדילים תעשה לָּךְ . אִין דֶער תּוֹרָה שְׁטֵייט גדילים אָהְן אַ יוּד בַּאטְרֶעפְט גדילים זִיבֶּען אוּנ אַכְצִיג אִיז דָאס מרמז עֶר זָאל הַאלְטֶען דִיא ציצית אִין דֶער הַאנְד בשעת עֶר זָאגְט ברוּךְ שאמר וָואס אִין בָּרוּךְ שאמר גֶעפִינְט זִיךְ אוֹיךְ זִיבֶּען אוּנ אַכְצִיג וֶוערְטֶער :

(ה) דֶער טַעַם פוּן דֶעם וָואס מֶען לָאזְט אוֹיס אִין דֶעם קאפיטל פוּן אשרי ואנחנו נברךְ יה וכו' וָואס דָאס גִיהֶערְט גָאהְר נִישְׁט צוּ דֶעם קאפיטל וַוייל פוּן דֶעם קאפיטל אָהְן בִּיז צוּם סוֹף ספר תהלים הֵייבְּט זִיךְ אָהְן אוּנ עֶס לָאזְט זִיךְ אוֹיס הללויה בַּייא יֶעדֶער קאפיטל חוּץ דָאס קאפיטל תהלה לדוד אִיבֶּער דֶעם הָאט מֶען מתקן גִיוֶועזִין מֶען זָאל זָאגִין ואנחנו נברךְ יה עֶס זָאל אוֹיךְ זַיין אִין אָהְן הֵייבּ קאפיטל אוּנ דֶער סוֹף מִיט הללויה . נָאךְ אַיין טַעַם וַוייל עֶס שְׁטֵייט וֶוער עֶס זָאגְט דְרַייא מָאהְל אִין טָאג תהלה לדוד אִיז עֶר פַאר זִיכֶערְט אַז עֶר אִיז אֵיין בן עוה"ב אִיבֶּער דֶעם זָאגְט עֶר נָאךְ דֶעם ואנחנו נברךְ יה אַז מִיר זָאלִין זוֹכֶה זַיין צוּ זָאגֶען דָאס לעוה"ב :

(ו) דֶער טַעַם פוּן דֶעם וָואס מֶען זָאגְט לעולם יהא אדם ירא שמים בסתר וכו' . דֶער מאמר וֶוערְט גִיבְּרֶענְגְט אִין תנא דבי אליהו מֶען אִיז זִיךְ נוֹהֵג דָאס צוּ זָאגֶען אֵיידֶער מֶען הֵייבְּט אָהְן דִיא זמירות פוּן תפלה וַוייל אליהו הָאט דָאס מתקן גִיוֶועזֶען אִין דורו של שמד וָואס מֶען הָאט גוֹזֵר גִיוֶועזִין אַז מֶען זָאל נִישְׁט לֵיינִין קר"ש הָאבֶּען זֵייא נִישְׁט גִיקֶענְט זַיין קֵיין יר"ש בגלוי הָאט עֶר זֵייא מוֹרֶה גִיוֶועזִין אַז זֵייא זָאלִין אוֹיף זִיךְ מקבל זַיין דֶעם עול מ"ש אִין פַארְבָּארְגֶענִיש אַזוֹי וִויא בגלוי אִיבֶּער דֶעם זָאגְט מֶען נָאךְ ואומרים פעמים בכל יום שמע ישראל וכו' אוּנ מֶען זָאגְט ברוּךְ המקדש שמוֹ ברבים וַוייל בשעת השמד אִיז נִישְׁט מקודש גִיוָוארֶען דֶער ש"ש ברבים :

(ז) דֶער טַעַם פוּן דֶעם וָואס מֶען זָאגְט דְרַייא מָאהְל אשרי אַקֵיינְגִין דֶעם בת קול וָואס עֶס גֵייט אַרוֹיס דְרַייא מָאהְל אִין טָאג אוּנ עֶס בֶּעדָאעֶרְט . וַויי וֶואס אִיךְ הָאבּ חָרוּב גִימַאכְט דָאס ביהמ"ק אוּנ אַצוּנְד הָאבִּין מִיר נִישְׁט קֵיין

ביהמ"ק נאר דאס אָרט וואס מיר זענין מהפלל. זאגין מיר אַ קעגין דעם בת קול וואס עס גייט אַרויס דרייא מאהל אין טאג. דרייא מאהל אשרי יושבי ביתך עס זאל זיין אהן גענומען גלייך וויא דאס ביהמ"ק וואלט געוועזין גיבּאַוט:

(ח) דער טעם פון דעם מנהג וואס מען ווארט אויף דעם רב בשעת ער איז מאריך בתפלה אין ק"ש. ווייל עס ווערט גיברענגט אין דיא הייליגע ספרים אַז שמענדיג זאל אוים זעהן דעם דין גלייך וויא איין שארפע שווערד ליגט עהם צווישען זיין דוך אונ דאס גיהנם איז אויפין אונטער איהם. אויך שטייט ווער עס ליינט ק"ש אונ מען איז מדקדק אונ דיא אותיות קיהלט מען איהם אפ דאס גיהנם. אויך שטייט אַז תפלה איז מאריך דיא יאהרין פון מענטש אונ דיא שווערד איז מקצר דיא יאהרין איבער דעם איז דער רב מאריך אין ק"ש ותפלה ער זאל ניצול פון דעם דין פון גיהנם אונ פון דער שווערד:

(ט) דער טעם פון דעם וואס בש"ת דיא כהנים גייען דוכענען טוהן זייא זיך אוים דיא שיך מען האט מורא טאמער וועט זיך איהם איבער רייסין איין שנירול פון דיא שיך. אונ ער וועט גיין אַוועק פון דוכן ער זאל זיך עס צו קניפען וועט מען מיינען אַז דאס וואס ער גייט אַוועק אין דער מיט דאס איז ווייל ער איז אַ בן גרושה אָדער אַ בן חלוצה איז ער פסול לדוכן האט מען איבער דעם מתקן גיוועזין אַז מען זאל אַרויף גיין דוכענין אהן דיא שיך:

(י) דער טעם פון דעם וואס אין דער שמ"ע פון שחרית זאגט מען שים שלום אונ בייא מנחה זאגט מען שלום רב. ווייל בייא שחרית זאגט מען ברכת כהנים אין שים שלום שטייט אויך פון ברכת כהנים אָבער בייא מנחה זאגט מען נישט ברכת כהנים קומט נישט צו זאגין שים שלום נאר שלום רב אין אַ תענית ציבור וואס מען זאגט בייא מנחה אויך ברכת כהנים זאגט מען אויך שים שלום:

(יא) דער טעם פון דעם וואס אין סוף פון שמ"ע לאזט מען אוים ואמרו אמן צו וועמין זאגט ער דאס ער זאגט דוך דיא שמ"ע שטילערהייט נאר דאס איז גלייך אַזוי וויא איינער זיצט אונ עסט זאגט איהם דעם חבר ברוכים היושבים תאטש ער איז איינער אַליין ווייל דאס גייט אַרויף אויף דיא מלאכים וואס זייא בעגלייטין דעם מענטש אַלע טאג. אַזוי אויך וואס מען זאגט ואמרו אמן גייט דאס אַרויף אויף דיא מלאכים וואס זענין גיבּאטין אַז זייא זאלין איהם אהן היטען:

(יב) דער טעם פון דעם וואס בשעת מען שטייט אוים שמ"ע גייט מען צוריק עטליכע טריט. ווייל דיא תפלה האט מען מתקן גיוועזין אַ קייגין דעם קרבן תמיד אונ בשעת דער כהן איז גיגאַנגין מיט דעם קרבן איז גיוועזין צווישען דעם כבש אין דעם מזבח דרייא רובדין וואס דער כהן איז דארט צוריק גיטרעטין דרייא טריט. טוהן מיר בייא דער שמ"ע וואס זיא איז גלייך צו אַ קרבן אויך אַזוי:

(יג) דער טעם פון דעם וואס נאך דעם וויא מען גייט צירוק דרייא טריט זאגט מען יהי רצון שיבנה ביהמ"ק ב"ב. ווייל מיר געפינען בייא נבוכדנאצר הרשע ווייל ער האט גיגעבין דרייא טריט פאר השי"ת כבוד וועגין פאר דעם האט ער זוכה גיוועזין צו מלכות אונ ער האט חרוב גימאכט אונזער ביהמ"ק איבער דעם מאכין מיר אויך דרייא טריט פאר השי"ת כבוד וועגין אונ מיר זאגין יה"ר אַז דורך

דורך דיא דרייא טריט וואס איך האב גיגעבין זאל דאס ביהמ״ק צוריק גיבאָעט ווערין וואס עס איז חרוב גיוואָרין דורך דיא דרייא טריט פון דעם דאזיגען רשע:

## דיא מנהגים פון פאר צייטנס.

(א) פאר צייטינס איז גיוועזין א מנהג אז דיא הוצאה פוי א בר מינן איז געוועזין אזוי פיהל אז דאס איז געוועזין שווערער פאר דיא קרובים נאך מעהר וויא דאס שטארבען (ווייל עס האט גיקאסט פיהל געלט דאס אוים קליידונג פון א מת). אזוי ווייט אז עס האט זיך געטראפען אז דיא קרובים האבין גילאזט ליגען דעם מת אונ זייא זענין זיך אוועק גינאנגין. ביז רבן גמליאל איז גיקומען אונ ער האט נוהג גיוועזין ביי זיך קלות ראש אונ ער איז ארוים גינאנגין א קייגין דעם מת אין לאנגע קליידער האט זיך שוין דאס גאנצע פאלק אויך אזוי נוהג גיוועזין צו בעין אין לאנגע קליידער כדי עס זאל נישט זיין קיין גרויסע הוצאות:

(ב) פאר צייטינס איז גיוועזין איין מנהג אז ביי איין אבל ר״ל האט מען איבער גיקעהרט דיא בעטין. בר קפרא האט גילערונט השי״ת האט גיזאגט איך האב אין אייך אריין גיגעבין דעם פארעם פון מיין גישטאלט אונ דורך אייערע זינד האב איך זיא איבער גיקערט איבער דעם זאלט איהר איבער קערין אייערע בעטין. אין ירושלמי ברענגט א טעם אז ער וועט שלאפען אין בעט וואס עס איז איבער גיקערט וועט ער גידענקין ווען ער וועט שלאפען אז ער איז איין אבל אונ ער וועט זיך פאר מיידין פון תשמיש המטה אבער אצונד איז מען זיך נישט נוהג איבער צוא קערין דיא בעטין כדי מען זאל נישט חושד זיין אז דאס איז א כישוף:

(ג) נאך איז גיוועזין פאר צייטינס איין מנהג מען פלעגט אהן צו טרינקען דעם אבל אין טייערע כלים דיא עשירים האט מען אהן געטרינקען אין ווייסע פארצילייערנע כלים אונ ארימע אין גלעזערנע כלים האבין זיך דיא ארימע לייט געשעהמט האט מען מתקן געוועזין אז אלע זאל מען אהן טרינקען אין גלעזערנע כלים איבער דעם כבוד פון דיא ארימע לייט:

(ד) פאר צייטינס אז מען האט גיברענגט פאר דעם אבל דיא סעודת הבראה איז דער אבל גיזעסין אויוועען אהן אונ ער האט זיך גיוואשין דיא הענד אונ דאס וואסער האט מען אוועק גיגאסין אונ נאכדעם האבין זיך גיוואשין דיא מנחמים אונ איינער פון דיא מנחמים האט גינומין א ברויט אונ ער האט אפ גישניטען איין שטיקעל פאר דעם אבל וועגין אונ גאנצין האט ער עס נישט דורך גישניטען אונ ער האט דאס אוועק גיגעבין איינעם פון דיא אבלים אונ דער אבל האט עס דורך גישניטען אונ ער האט ארום גיטיילט דיא רעשט אבלים. נאכדעם האבין דיא מנחמים גינומען דיא אייער וואס זענין גילעגין פאר דיא אבלים אונ זייא האבין אפ גישיילט אונ זייא האבין גיגעבין פאר דיא אבלים אונ דיא אבלים האבען גימאכט א ב״רא פרי הגפן אונ זייא טרינקען אוים דעם כוס אונ נאך דעם שווענקט מען אוים דע...ס אונ דיא מנחמים טרינקען אונ מען האט גיטרינקען צעהן

כוסות

כוסות. דְרַייא פָאר דֶער סעודה כדי עֶס זָאל עֶפִּינֶען דיא בני מעיים אוּנ דְרַייא
אִין מִיט סעודה כדי עֶס זָאל דֶער וַוייקִין דָאס עֶסֶען וָואס אִיז אִין דיא בני מעיים אוּנ
פִיהְר נָאךְ דֶער סעודה אוּנ אַז מֶען אִיז גִינַאנְגִין בֶּענְטְשִׁין הָאט אֵיינֶער פוּן דיא
מנחמים זִיךְ גִיוַואשִׁין דיא הֶענְט אוּנ גֶעמְט אַ כּוֹס אוּנ בֶּענְטְשׁ דיא ברכה פון ברכת
אבלים אוּנ אַז עֶר בֶּענְטְשְׁט אָפּ טְרִינְקְט עֶר דֶעם כּוֹס אוּנ אַזוֹי אִיז דֶער סדר
פוּן בהמ"ז אִין הויז פוּן אָבֵל אִין דֶער וָואכִין אוֹיב עֶס אִיז דָא נַיין פרשוין גֶעמְט
דֶער וָואס בֶּענְטְשְׁט דֶעם כּוֹס אִין דֶער הַאנד אַרַיין אוּנ זָאגְט ברוך מנחם אבלים
שאכלנו משלו אוּנ זַייא עֶנְטְפֶערִין ברוך מנחם אבלים שאכלנו משלו ובטובו חיינו
אוּנ אוֹיב זַייא זֶענִין צֶעהְן פרשוין זָאגְט עֶר נברך לאלהינו וכו' אוּנ אַז עֶר הַאלְט
בַּייא דֶער סוֹף ברכה פון רחם נא זָאגְט עֶר וַוייטֶער נחם ד' אלקינו את אבילי
ציון ואת אבילי ירושלים ואת האבילים המתאבלים באבל הזה נחמם מאבלם
ושמחם מיגונם כאמור כאיש אשר אמו תנחמהו כן אנכי אנחמכם ובירושלים
תנוחמו בא"י מנחם אבילי ציון בבנין ירושלים. ברוך אתה ד' אבינו מלכנו
וכו' הטוב והמטיב לכל. אל אמת. דיין אמת שופט בצדק ושליט במעשיו
לוקח במשפט שהכל שלו ואנחנו עמו ועבדיו ובכל אנחנו חייבים להודות לו
ולברכו הרחמן הגודר פרצות בישראל הוא יגדור את הפרצה הזאת מעלינו
ומעל כל עמו ישראל לחיים עושה שלום במרומיו אוּנ עֶר מַאכְט אַ בפה"ג אוּנ
דיא מנחמים גֵייעֶן אַהֵיים מִיט טְרַייסְט וֶוערְטֶער:

(ה) אַז עֶס אִיז גִיקוּמֶען צוּא דֶעם אָבֵל אֵיין פנים חדשות וָואס עֶר אִיז
נָאךְ נִישְׁט גֶעוֶועזִין בַּייא אִיהְם מַאכְט מֶען אוֹיךְ אַזוֹי אוּנ דיא אִיבֶּערִיגֶע טֶעג אוּנ
מֶען זָאגְט אִיהְם טְרַייסְט וֶוערְטֶער אוּנ אֵיינֶער פוּן זַייא הֵייבְּט אָהְן אִין דֶעם שבח
פוּן הקב"ה אוּנ זָאגְט האל הגדול ברוב גדלו אדיר וחזק ברוב מוראו מחיה מתים
במאמרו עושה גדולות עד אין חקר ונפלאות עד אין מספר ברוך מחיה מתים.
אוֹיךְ זָאגְט עֶר אַ קַיינִין דיא אבלים אוּנזֶערֶע בְּרוּדֶער וָואס זֶענִין צוּא בְּרָאכִין אוּנ
פַאר שְׁטוֹיסֶען מִיט דֶעם טְרוֹיעֶרִינְקַייט גוּט אִיהְר אַייעֶר הַארְץ אִיהְר זָאלְט
נָאכְפָארְשְׁטִ'ין אַז דָאס אִיז צַייט דיא וֶועלְט אִיז בֶּעשַׁאפֶען גִיוָוארֶען! אוּנזֶערֶע בְּרִידֶער.
דֶער בעל הנחמות זָאל אַייךְ טְרֵייסְטִין ברוך מנחם אבלים. נָאךְ זָאגְט עֶר אַ קַיינִין
דיא מנחמים אוּנזֶערֶע בְּרִידֶער גומלי חסדים דיא קִינְדֶער פון גומלי חסדים וָואס
זַייא הַאלְטֶען אִין דֶעם ברית פון אברהם אבינו. בְּרִידֶער. דֶער בעל הגמול זָאל
אַייךְ בֶּעצָאהְלִין אַייעֶר לוין ברוך משלם גמול. אוּנ נָאכְדֶעם זָאגְט עֶר אַ קַיינִין כל
ישראל רבון כל העולמים לֵייז אוֹיס אוּנ בַּאשְׁעֶרִים אוּנ מַאךְ אַנְטְרִינְעֶן דַיין פָאלְק
ישראל פון מָארְד פון שְׁוֶוערְד פון רוֹיב פון הִינְגֶער אוּנ פון פֶערְשִׁידֶענֶע פורעניות
וָואס גִישֶׁעהִין אַיידֶער מִיר רוּפֶען זָאלְסְט אוּנְץ עֶנְטְפֶערִין ברוך עוצר המגפה. נָאר
דיא ברכה זָאגְט מֶען נִישְׁט וַויינִיגֶער וִויא צֶעהְן פרשוין אוּנ דיא אבלים וֶוענִין
נִישְׁט אִין חשבון פון דיא צֶעהְן אָבֶּער צוּם בֶּענְטְשִׁין וֶוערִין דיא אבלים צוּ גִירֶעכִינְט:

(ו) פַאר צַייטִינְס אִיז גִיוֶועזִין אֵיין מנהג אַז דֶער אָבֵל הָאט זִיךְ אַיין גֶעהִילְט
דָאס גַאנְצֶע גֶעזוּכְט דיא גַאנְצֶע זִיבֶּען טָאג נָאר בְּלוֹיז דיא אוֹיגִין וָואס זַייא זֶענִין
נִיט גִיוֶועזִין פַאר דֶעקְט נָאר אַז מֶען הָאט אָהְן גִיהוֹיבִּין צוּ שְׁפֶּעטִין פון זַייא
אוֹיךְ

אויף דאס ב"ב האט פון זייא גילאכט איז דורך דעם ארויס גיקומען איין גילעכטער אין שטוב פון אבל איבער דעם האט מען עס מבטל גיוועזין:

(ז) פאר צייטינס אז מען האט ארויס גיפירט איין מת האט מען דאס פנים פון דעם עושר אויף גידעקט אונ דאס פנים פון ארימאן איז גיוועזין צוא גידעקט ווייל דאס גיזוכט פון ארימאן איז גיוועזין פאר פינסטערט איבער דעם דחקות וואס ער האט גיליטען האבין זיך דיא ארימע לייט גישעהמט איבער דעם האט מען מתקן גיוועזין אז אלע זאלין זיין צו גידעקט:

(ח) אז מען האט ארויס געפירט איין מת אויף דעם קברות האבין זיך דאס גאנצע פאלק אנידער גיזעצט זיבען מאהל אויף דעם בית הקברות אונ זייא האבין גיזאגט קינות אונ גימאכט איין הספד אקעגין דיא זיבען הבלים וואס עס גיפונט זיך אין קהלת אונ אויף יעדען ארט וויא זייא האבין זיך גישטעלט האט איינער גיזאגט שטעלט אייך טייערע שטעלט אייך. זעצט אייך טייערע זעצט אייך אונ מען מינערט נישט ווייניגער וויא זיבען מעמדות אונ מושבות אונ בייא יעדען איז נישט ווייניגער וויא צעהן פרשוין אונ דאס ווערט נישט גימאכט נאר בייא קרובים אין דעם ערשטען טאג. אונ אז זייא זענין צוריק גיגאנגין פון בית הקברות איז דאס גאנצע פאלק אוים גישטעלט שורות שורות איין שורה אונטער דער צווייטער אונ א שורה איז נישט ווייניגער פון צעהן מענטשין אונ דער אבל איז פאר זייא פאר בייא גיגאנגין צדער זייא זענין דורך גיגאנגין אין דער לינקער זייט פון דעם אבל אונ יעדער בעזונדער האט גיזאגט דעם אבל זאלסט ווערין גיטרייסט פון השי"ת:

(ט) עס איז גיוועזין אוים גיקליבענע צום בעקלאגין א מת אונ מען פלעגט זייא צוא דינגען צו בעקלאגין. מהייל ווייבער האבין בעקלאגט וואס איינע האט פויר גיזאגט אונ אלע ווייבער האבין נאך גיזאגט אונ מענכעס מאהל פלעגין אללע בעזאמין הלאגין אויף האבין זייא גיפאטשט מיט דיא הענד. אויך פלעגט מען צו בעלייטין מיט לעכט אונ מיט פייפליך. אונ אז עס איז גישטארבין איין מלך אדער איין נשיא פלעגט מען צוא פאר ברענגין אלע כלים וואס ער האט גענוצט אין זייא:

(י) אויך פלעגט מען צו בעהאלטען דיא מתים אין קעהלערם אין הייליגן אונ יעדער משפחה פלעגט זיך צו האבין איהר הייל אינווייניג אין דער הייל האט מען גימאכט פיהר איילין אויף זעקס אין דער הייל האט מען גיעפינט אכט קעהלערם:

(יא) דרייא טאג נאך דער קבורה איז מען ארויס גיגאנגין אויף דעם בית הקברות אונ מען האט בעקוקט דעם מת צוא איז ער נישט צוריק לעבעדיג גיווארען:

(יב) אויך איז גיוועזין א מנהג אז מען האט גילייגט אין דער תורה האט נישט גימאכט קיין ברכה בייא דעם ספר נאר דער ערשטער אונ דער לעצטער דער ערשטער האט גימאכט דיא ברכה וואס מען מאכט פאר דעם לייענען אונ דער לעצטער האט גימאכט דיא ברכה וואס מען מאכט נאך דעם לייענען נאר אויף דער תוכחה פון ויקרא אונ דברים אונ אויף דיא שירות. אונ דיא עשרת

הדברות וואס געפינט זיך אין דער תורה וואס מען מאכט איבער זייא איין ברכה פאר דעם לייענען אונ א ברכה נאך דעם לייענען:

(יג) דעם שבת וואס מען האט געבענטשט ר"ח האט מען געזאגט פאר ר"ח בענטשין יהי רצון מלפניך אבינו שבשמים וואס מיר זאגין איהם אלע מאנטיג אונ דאנערשטיג. אויך דער וואס האט געזאגט שמע ישראל בשעת מען נעמט ארויס דאס ספר פון ארון הקודש דער האט געלייענט דעם מפטיר. אויך פלעגט זיין זייער מנהג צו דאווענין אין דער וואכין ביחידות ביז ישתבח אין שבת הייבט דער חזן אהן שוכן עד. אין פסח האל בתעצומות. אין שבועות הגדול בכבוד שמך אין סוכות הגבור לנצח. ר"ה יוה"כ המלך היושב:

(יד) אין תענית ציבור האט מען געזאגט סליחות ווען דער חזן האט געהאלטין אין שמ"ע ביי סלח לנו אונ אז מען האט געענדיגט די סליחות האט דער חזן געזאגט די שמ"ע פון דארט אהן אונ ווייטער. אויך פלעגט דער חזן אויס רופען דעם שבת פאר תענית ציבור אונ ער האט מודיע געווען אז אין די וואך וועט זיין אין דעם טאג א תענית ציבור אונ ער האט אזוי געזאגט הערט אויס איהר ליבע קינדער דער דאזיגער תענית וועט זיין אין דעם אין דעם טאג וועט השי"ת אונז איבער קעהרין די טעג אויף פרייד אזוי וויא ער האט אונז פאר שפראכין אין די טרייסטונג ונאמר אמן. אחוץ אין דרייא תעניתים וואס מען האט נישט אויס געריפען. ט' באב אונ יוה"כ. אונ תענית אסתר:

(טו) אין פורים איז געווען פאר צייטינס א מנהג אז קינדער האבען גענומען גלייטיגע שטיינער אונ האבין אויף געשריבין אויף זייא המן אונ אז דער וואס לייענט די מגילה האט געדענקט דאס ווארט המן האבין זייא געקלאפט איין שטיין אין דעם צווייטין כדי זיין נאמין זאל ווערין אפ געמעקט. ווייטער איז דא ערטער וואס די בחורים מאכין איין צורה אין דעם געשטאלט פון המן פאר פורים אונ זייא הענגין דאס אויף זייערע דעכער עטליכע טעג פאר פורים אין פורים מאכען זייא איין פייער אונ די צורה שטעלין זייא ארין איניווייניג אונ בשעת די צורה ברענט זינגען זייא פארשידענע נגונים. אויך איז געווען ארום געשטעלט פון אויסענווייניג איין טיש ביי דער טיהר אין פורים אונ צו געדעקט מיט איין דעק כ"ז עס איז געווען דער טיש צוא געדעקט זענין אורחים אריין געקומען זייא האבין געוויסט אז אצונד איז די צייט פון עסען אבער אז די דעק פון טיש איז געווען אראפ גענומען האבין שוין קיין אורחים נישט אריין געקומען זייא האבין געוויסט אז מען האט שוין אפ געגעסין:

(טז) בשעת מען האט געבענטשט נאך דעם עסען האט דער אורח געבענטשט דעם בעה"ב מיט דעם נוסח יה"ר שלא יבוש בעה"ז ולא יכלם בעוה"ב ויצליח מאוד בנכסיו ויהיו נכסיו מוצלחים וקרובים לעיר ואל ישלוט שטן במעשה ידיו ואל יזדקק לפניו שום חטא ודבר הרהור עבירה מעתה ועד עולם אונ נאך דעם זאגט ער הרחמן הוא יזכינו וכו':

(יז) אז מען האט חתונה געמאכט זומטער האט מען זיך נוהג געווען. דאנערשטיג האט מען געדאווענט דרייא שעה נאך מיטאג אונ מען האט געזאגט

תחנה

תחנה און מֶען הָאט גִיגֶעסִין דִיא סעודת נשואין און נָאכְדֶעם הָאט מֶען גִידַאוִוינְט
מעריב. און וִוינְטֶער הָאט מֶען גִיגעסִין דִיא סעודה בַּייא נַאכְט. אַזוֹי וִויא עֶס אִיז
גִיוָוארִין טָאג פְרַייטִיג הָאט דֶער שמש גֶערוּפִין אִין שוּהְל הָאט דֶער רָב גֶעפִיהְרְט
דֶעם חתן נֶעבִּין זִיךְ און דֶער גַאנְצֶער עולם אִיז נָאךְ גִיגַאנְגִין מִיט פְלַאקֶערְס
און כלי זמר און זֶענִין אַזוֹי גִיגַאנְגִין בִּיז אוֹיף דֶעם שוּהְל הוֹיף און נָאכְדֶעם
זֶענִין דִיא כלי זמרים צוּרִיק גִיגַאנְגִין בְּרֶענְגִין דִיא כלה אַז מֶען אִיז גִיקוּמֶען
מִיט דֶער כלה אוֹיף דֶעם שוּהְל הוֹיף אִיז דֶער רָב מִיט דִיא חשובים מִיט דֶעם
חתן אַקֶעגִין גִיגַאנְגִין דֶער כלה און דֶער חתן הָאט אָהְן גֶענוּמִין דִיא כלה בַּייא
דֶער הַאנְד און דֶער עולם הָאט זַייא בַּאוָוארְפִין מִיט ווייץ און זַייא הָאבִּין
גִיזָאגְט זַייא זָאלִין זִיךְ מֶעהְרִין אַזוֹי וִויא דִיא תבואה און זַייא זֶענִין אַזוֹי בְּעוּזאמִין
גִינַאנְגִין בִּיז דֶער טִיהְר פוּן שוּהְל און הָאבִּין זִיךְ דָארְט אַבִּיסֶעל אַנִידֶער גִיזֶעצְט.
און מֶען הָאט דִיא כלה אַהֵיים גֶעפִיהְרְט און זִיא אִיז גִיוֶועזִין אָהְן גִיקְלֵייד אֵיין
מלבוש אוֹיף אִיהְרֶע קְלֵיידֶער און אֵיין שְׁלֵייעֶר אִיבֶּער אִיהְר פָּנִים און דֶעם חתן
הָאט מֶען גִיפִיהְרְט אִין שוּהְל אַרַיין עֶר אִיז גִיוֶועזִין אָהְן גִיקְלֵייד אִין שבת מלבושים
און מֶען הָאט אִיהְם גִיזֶעצְט לֶעבִּין דֶעם עמוד און מֶען הָאט אָהְן גִיהוֹיבִּין אדון
עולם און פסוקי דזמרה און אַלֶע קרובים פוּן חתן כלה זֶענִין גִיוֶועזִין אָהְן גִיקְלֵייד
אִין שבת מלבושים און מֶען הָאט גִיבְּרֶענְגְט דִיא כלה בִּיז דִיא טִיהְר פוּן שוּהְל און
זִיא הָאט דָארְט גִיוַוארְט בִּיז דֶער רָב הָאט גִיפִיהְרְט דֶעם חתן אוֹיף דֶעם בְּלֶעמֶער.
און דֶער רָב הָאט אִיהְם אַרוֹיף גִילֵייגְט אַש אוֹיף דֶעם קָאפּ אוֹיף דֶעם אָרְט
וִויא מֶען לֵייגְט תפלין אַ זכר לחורבן און דֶער נָאךְ אִיז גִיגַאנְגִין דֶער רָב מִיט דִיא
חשובים און זַייא הָאבִּין גִיבְּרֶענְגְט דִיא כלה און דֶער רָב הָאט זִיא גִיהַאלְטִין בַּייא
אִיהְרֶע קְלֵיידֶער און עֶר הָאט זִיא גִיפִיהְרְט און עֶר הָאט זִיא אַנִידֶער גִישְׁטֶעלְט
בַּייא דִיא רֶעכְטֶער הַאנְט פוּן דֶעם חתן מִיט דֶעם פָּנִים צוּ דָרוֹם און דִיא פָאטֶער
און מוּטֶער פוּן חתן כלה זֶענִין גִישְׁטַאנִין לֶעבִּין דֶער כלה אוֹיף דֶעם בְּלֶעמֶער בשעת
דֶער ברכה און מֶען הָאט צוּ גִיגְרֵייט צְוֵוייא כוסות אוֹיף ברכת אירוסין ונשואין צוּ
אֵיין בתולה הָאט מֶען גִינוּמִין אַ גְלֶעזִיל וָואס עֶס אִיז שְׁמָאהְל און מֶען הָאט גִיזָאגְט דִיא
ברכה ואסר לנו הארוסות נָאךְ דֶער ברכת אירוסין הָאט מֶען גֶערוּפֶען צְוֵוייא עדות
און מֶען הָאט זַייא גֶעוִויזִין דָאס קידושין פִינְגֶערִיל אוֹיב עֶס אִיז וֶוערְט אֵיין פרוטה
און דִיא עדות זָאגִין יוא. און אוֹיב דִיא כלה אִיז נָאךְ קְלֵיין פְרֶעגְט מֶען וִויא
פוּהְל יָאהְר זִיא אִיז אַלְט מֶען זָאל וִויסֶען אוֹיב זִיא אִיז רָאוּי זִיא זָאל צוּא נֶעמִין
דִיא קידושין און דֶער חתן הָאט גִיזָאגְט הרי את מקודשת און דֶער דתן הָאט אִיהְר
אָהְן גִימָאהְן דָאס פִינְגֶערִיל און אוֹיב דִיא כלה אִיז נִישְׁט רֵיין הָאט עֶר נִישְׁט אָהְן
גִירִיהְרְט נָאר עֶר הָאט עֶס גִילָאזְט אַרוֹיף פַאלִין אַלֵיין אוֹיף דֶעם פִינְגֶער און נָאכְדֶעם
הָאט מֶען גֶערוּפִין צְוֵוייא אַנְדֶערֶע עדות זַייא זָאלִין מקבל קנין זַיין און זַייא זָאלִין
זַיין עדות אוֹיף דֶער כתובה. און בשעת מֶען הָאט גִזָאגְט שמח תשמח רעים
אהובים הָאט זִיךְ דֶער רָב אִיבֶּער גִיקֶערְט מִיט דֶעם פנים צוּם חתן כלה און אַז
מֶען הָאט אוֹיס גִילָאזְט דִיא ברכה הָאט מֶען גִיגֶעבִּין דֶעם חתן צוּא טְרִינְקֶען און
נָאכְדֶעם דֶער כלה און דֶער רָב הָאט גִיהַאלְטִין אִין זַיין הַאנְד דֶעם כוס און עֶר

הָאט גִיגֶעבִּין דֶעם כּוֹס דֶעם חתן אִין הַאנְד אַרַיין אוּנ דֶער חתן הָאט גִיוָוארְפִין דֶעם כּוֹס אוֹיף דֶער וַואנְט עֶר זָאל צוּ בְּרָאכִין וֶוערֶען נָאכְדֶעם הָאט מֶען גִיאַיילְט מֶען זָאל שְׁנֶעל אַרַיין בְּרֶענְגִין דֶעם חתן אִין דֶעם חֶדֶר וְוִיא עֶם אִיז גִיוֶועזִין דִיא חתונה. אוּנ דִיא חתן כּלה הָאבִּין גִיגֶעסִין אַהִין מִיט אַ אֵייה צוּ זַאמֶען אוּנ מֶען הָאט זַייא מייחד גִיוֶועזִין אִין אַ בֶּעזוּנְדֶער חֶדֶר בשעת זַייא הָאבִּין גִיגֶעסִין דִיא סעוּדה אוּנ יֶעדֶער אִיז אַרוֹים גִינַאנְגֶען כּדי עֶר זָאל זַיין צוּ גִילָאזְט צוּ דֶער כּלה. אוּנ נָאכְדֶעם זֶענִין אַרַיין גִיקוּמֶען דִיא קרוֹבים אוּנ וֶוער עֶם הָאט גִיוָואלְט הָאט מִיט זַייא מִיט גִיגֶעסִין כּדי מֶען זָאל זַייא משמח זַיין:

(יח) שבּת אִין דֶער פְרִיא אַז מֶען הָאט אוֹיס גִילָאזְט פּסוּקי דזמרה זֶענִין גִיגַאנגִין דִיא חשוּבים פוּן דֶער שְׁטָאט אוּנ מֶען הָאט גִיבְּרֶענְגְט דֶעם חתן אִין שוּהְל אַרַיין אוּנ מֶען הָאט אִיהְם גִיזֶעצְט אוֹיבֶען אָהְן לֶעבִּין ארה״ק אוּנ דִיא עֶלְטֶערֶען פוּן דִיא חתן כּלה הָאבִּין זִיךְ אוֹיס גִיקְלִיבִּין אוּנְטֶער פִיהְרֶערְס אוּנ זַייא הָאבֶּען זַייא אַנִידֶער גִיזֶעצְט לֶעבִּין דֶעם חתן אוּנ מֶען הָאט גִיזָאגְט שירים פַאר דֶעם כּבוֹד פוּן חתן אוּנ מֶען הָאט גֶערוּפִין דֶעם חתן עֶר זָאל עוֹלה תּוֹרה זַיין אוּנ מֶען הָאט גֶעזָאגְט מרשוּת אוּנ אוֹיךְ אַלֶע אוּנְטֶער פִיהְרֶערְס הָאט מֶען אוֹיף גֶערוּפִין צוּ דֶער תּוֹרה אוּנ מֶען מַאכְט דֶעם חתן דְרַייא מָאהְל מי שבּרךְ. וַוייל עֶר הָאט מנדר גֶעוֶועזִין וַואקְס אוֹיף לֶעכְט אוֹיךְ וַוייל עֶר הָאט מנדר גִיוֶועזִין אַיין מפּה צוּם ס״ת. אוֹיךְ וַוייל עֶר הָאט מנדר גִיוֶועזִין צדקה אוֹיף ת״ת אָדֶער חתוּנה צוּ מַאכִין אָרִימֶע יתוֹמים. אוּנ נָאכְדֶעם וְוִיא מֶען הָאט אָפּ גִילֵיינְט אִין ספר דֶעם סדר פוּן דֶער וָואךְ הָאט מֶען גִילֵיינְט פַאר דֶעם חתן אִין ס״ת דִיא פרשה ואברהם זקן בא בימים וכו׳ בִּיז ולקחת אשה לבני משם אוּנ נָאךְ דֶער הפטוֹרה וָואס מֶען הָאט גִיזָאגְט וָואס הָאט גִיקֶערְט צוּ דֶער וָואךְ הָאט מֶען גִיזָאגְט דִיא הפטוֹרה פוּן שׂוֹשׂ אשׂישׂ בד׳ וכו׳ בִּיז ישׂישׂ עליךְ אלהיךְ:

(יט) אִין אַ בּרית מילה נָאכְדֶעם וְוִיא דָאס קהל הָאט גִיזָאגְט הוֹדוּ לד׳ כּי טוֹב כּל״ה הָאט דֶער וָואס הָאט גִימַאכְט דִיא בּרכה גִיזָאגְט פלוֹני זה הקטן גדוֹל יהי׳ יחי הילד לאביו ולאמו יהא אח לשבעה ואב לשמונה כּשׁם שנכנס לבּרית וכו׳. אוֹיךְ אַז מֶען הָאט גִימַאכְט אַיין סעוּדת מילה אוּנ דָאס קִינְד הָאט מֶען מל גִיוֶועזִין אִין שוּהְל אִיז גִיוֶועזִין אַיין טִישׁ גִידֶעקְט אוֹיף דֶעם שוּהְל הוֹיף עֶם אִיז גִיוֶועזִין אַיין סימן אַז מֶען מַאכְט אַיין סעוּדת מצוה. דֶער וָואס בְּרֶענְגְט זַיין זוּהְן מֶען זָאל אִיהְם מל זַיין זָאגְט בּרוּכים היוֹשבים אוּנ דָאס ציבּוּר עֶנְטְפֶערְט בּרוּךְ הבּא:

(כ) אַז מֶען הָאט מל גִיוֶועזִין אַ ממזר הָאט מֶען אִיהְם מל גִיוֶועזִין אוֹיף דֶעם שוּהְל הוֹיף בַּייא דֶער טִיהְר פוּן שוּהְל אוּנ מֶען הָאט גִיזָאגְט דִיא בּרכה אשר קידש ידיד מבּטן בִּיז כּוֹרת הבּרית נִישְׁט מֶעהְר אוּנ דָאס פָאלְק הָאט נִישְׁט גֶעעֶנְטְפֶערְט כּשׁם שנכנס לבּרית אוּנ מֶען הָאט אִיהְם גֶערוּפֶען כּידוּר אוּנ דֶער שמשׁ הָאט אוֹיס גֶערוּפֶען נָאךְ דֶער מילה אוֹיף אַיין קוֹל אִיהְר זָאלְט וִויסֶען אַז דָאס קִינְד וָואס מֶען הָאט הַיינְט מל גִיוֶועזִין אִיז אַ ממזר כּדי עֶר זָאל זִיךְ נִישְׁט אוֹיס מִישֶׁען צְווִישֶׁען כָּשֶׁרֶע קִינְדֶער:

(כא) דֶער מנהג אִיז גִיוֶועזִין בּשעה מֶען הָאט מקדש גִיוֶועזִין דֶעם חוֹדש

אין

אין דעם נייען און צוואנציגסטען טאג האבען זיך גיזעצט חברות פון אלע לייט פון חשיבע מענטשין פון לומדים פון דיא צייט פון מנחה ביז דיא זין האט זיך גיזעצט זייא זאלין קענין זעהן דיא לבנה און מען האט גימאכט איין סעודה. אין בענטשין האט מען גיזאגט יעלה ויבוא און מען האט גיבענטשט ברכת המזון ביא איין כוס און נאכדעם בענטשין האט ער גיגעבין פון דעם כוס זיין וייב כדי ער זאל מקיים זיין אזוי וויא עס שטייט להניח ברכה אל תוך ביתך און מען האט גיברענגט נאך איין כוס און מען מאכט א בפה״ג און נאכדעם מאכט מען א ברכה אשר גילה עוד חידוש ירח. הורם ולמדם זמנים חדשים וימים טובים ברוך אתה ד׳ מקדש ישראל וראשי חדשים:

(כב) דער טעם פון דעם וואס מען פאר ארבעט דיא טלתים איבער דער לענג פון טלית אויך טלתים קטנים אזוי איין בלאהלעך גישטאלט. פאר וואס מאכט מען נישט וייס! דיא מצוה פון תכלת איז דוך נאר אין דיא ציצית. קענין מיר זאגין א טעם וייל דיא מצוה פון תכלת איז דער עיקר טעם איבער דעם פסוק וואס עס שטייט וראיתם אותו וזכרתם דורך דעם זעהן וועט מען גידענקין און צייט דער תכלת איז בעהאלטין גיווארין איז גיוועזין אזעלכע פרומע לייט האבין זייא זיך גימאכט א סימן אין דיא טלתים און זייא האבין גילאזט פארבין זייא מיט אזוי פארב וואס זיא זעהט אויס וויא תכלת כדי זייא זאלין גידענקין אהן השי״ת מצות פון דעם איז שוין נתפשט גיווארין דער מנהג וואס מען לאזט פארבין אלע טלתים בלאה עס זאל זיין איין זכר פון תכלת:

(כג) נאך איין טעם קען מען זאגין אין דיא פארצייטישע יאהרין אז דער תכלת איז גיוועזין בנמצא איז גיוועזין בעזונדערע בעלי מלאכות צום פארבין תכלת און דיא בעלי מלאכות זענין גיוועזין פון דיא מומחים אויך ערליכע לייט און צדיקים וייל מען טאהר נישט קויפען קיין תכלת נאר פון א מומחה איבער דעם האט מען נישט גיגלייבט קיין אנדערין נאר זייא אליין וואס זייא זענין שוין גיוועזין בעוויסט אז זייא זענען צדיקים און זייא האט מען ערקענט אין זייערע טלתים וייל זייא האבין גיהאט דעם גישטאלט פון תכלת פון צווייא זייטין מען זאל וויסען אז זייא פארבין תכלת איבער דעם מאכט מען איין זכר צו פארבין דיא טלתים איבער דער גאנצער לענג:

## דיא מנהגים פון שבועות.

(א) דער טעם פון דעם מנהג וואס מיר זענין זיך נוהג וואס דעם ערשטען טאג שבועות רופט מען אויף א כהן און איידער דער כהן מאכט א ברכה זאגט דער חזן אקדמות מלין וכו׳. וייל אין דיא פארצייטישע יאהרין האט מען זיך נוהג גיוועזין מען האט אנידער גישטעלט א מתורגמן לעבין דעם בעל קורא בפרט אין דיא צווייא טעג דעם ערשטען טאג שבועות אין דעם אנדערין טאג פסח אין דיא צווייא טאג איז גיוועזין ביא זייא גישריבען

אין דעם ככר דער פסוק מיט דעם תרגום אויף אזויא איין אופן צום ערשטען איז גישטאנען בחודש השלישי אונ נאכדעם אקדמות מלין דאס איז איין פאהרביידע צו דעם מתורגמין אין בייא דיא ענדע פון אקדמות איז גישטאנען ובירחא תליתאי וואס דאס איז דער תרגום פון פסוק ובחודש השלישי דער נאך איז גישטאנען דער צווייטער פסוק ויסעו מרפידים וכו' אונ דער נאך דער תרגום אזוי איז גישטאנען דיא גאנצע פרשה ביז דיא עשרת הדברות אין דארט האט דער מתורגמן אהן גיהויבין צו זאגען דעם פייט ארכין ד' שמיא נאכדעם הייבט ער אהן דעם פסוק וידבר אלהים אונ דער נאך דעם תרגום אונ היינט האטש דער מנהג איז בטל גיווארין מען זאל אין מיט לייגען זאגין דעם תרגום האט מען דאס איבער גילאזט אויף איין זכר אויף דעם פערצייטישען הייליגען מנהג אונ מען זאגט פאר דעם לייגין דעם פייט אקדמות. איבער דעם זאגט גישט דעם פייט דעם בעל קורא נאר איין אנדערער מען זאל נישט זאגין אז אין דער תורה שטייט אויך תרגום:

(ב) דער טעם פון דעם וואס דער מסדר פון תיקון שבועות האט פאר ענדערט דעם סדר פון דיא מסכתת לויט וויא זייא זענין מסודר אין משניות דארט שטייען זייא. פסחים שקלים. יומא. סוכה ביצה ר"ה. תענית. מגילה. מוע"ק. חגיגה. אין תיקון שבועות שטייט דער סדר. חגיגה ביצה מוע"ק ר"ה יומא סוכה תענית שקלים מגילה. אין סדר נשים שטייט אונ משניות. כתובות נדרים נזיר סוטה גיטין קדושין. אין תק"ש איז דער סדר כתובות קידושין גיטין סוטה נדרים נזיר. אין סדר טהרות שטייט אונ משניות. כלים אהלות נגעים פרה טהרות מקוואות נדה מכשירין זבים טבול יום ידים עוקצין. אין תקון שבועות איז דער סדר מקוואות פרה ידים אהלות נגעים זבים נדה טהרות כלים טבול יום מכשירין עוקצים. ווייל רבינו הקדוש וואס ער האט מסדר גיוועזין דיא משניות דאט ער גישטעלט אזוי וויא עס שטייט אין דער תורה דהיינו אין פ' בא שטייט דינים פון פסחים קומט נאך דעם שקלים וואס עס שטייט אין פ' תשא אין יוהכ"פ אין אחרי מות. אונ דער נאך סוכה ווייל אין סוכה איז דא פוהל מצות אויך אלע מסכתות ווערט גיברענגט אין פ' המשניות פון הרמב"ם א טעם וואס דיא מסכתות זענען מסודר איינע נאך דער אנדערער. אבער דער וואס האט מסדר גיוועזין דעם תקון שבועות דער האט גישטעלט דיא מסכתות לויט דער צייט וואס ער גיהער איינער נאך דער צווייטער למשל דאס ערשטע איז פסחים אונ נאך פסחים גיהער חגיגה ווייל צום קרבן פסח האט מען מיט גיברענגט א קרבן חגיגה אונ נאכדעם ביצה ווייל דארט שטייט דיא דינים פון יו"ט אונ נאכדעם מוע"ק דיא דינים פון חוה"מ אונ נאכדעם ר"ה יומא סוכה אזוי וויא דיא יו"ט זענין איינס נאך דעם אנדערין אונ נאכדעם תענית ווייל דאס איז תכף נאכדעם שקלים וואס דאס איז א' אדר אונ נאכדעם מגילה. אזוי אויך אין סדר נשים איז אויך לויט דער צייט פריר קידושין דער נאך כתובות אונ נאכדעם גיטין אונ דער נאך סוטה דער נאך נדרים נזיר ווייל דאס גיהער איינס נאך דעם אנדערין אונ אויך אזוי אין סדר טהרות איז פריר מקוואות ווייל דער עיקר טהרה איז נאר דורך מקווה דער נאך גיהער פרה. ווייל

דֶער כֹּהן וָואס הָאט פַאר בְּרֶענְט דיא פרה ארומה הָאט מֶען אִיהְם מטמא גִיוֶועזִין אוּנ דֶער נָאךְ הָאט מֶען אִיהְם טובל גִיוֶועזִין. אַזוֹי אִיז אַלֶעס מס תות:

(ג) דֶער טַעַם פוּן דֶעם וָואס מֶען זָאגְט אַז אליהו הנביא אִיז דָא אוֹיף יֶעדִין יְרִיד דָאס אִיז אִיבֶּער דֶעם טַעַם ווייל אִין זַיינֶע צייטִין זֶענִין מֶענְטְשִׁין גִיקוּמֶען צוּ דֶער אמונה אַז וָואס אִיז אַיין יָאט אִיבֶּער דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט אִין יֶעדֶער מִינוּט אִין יֶעדֶע רגע טוּט עֶר מִיט דֶער טבע אַזוֹי וִויא זַיין ווילֶען אִיבֶּער דֶעם זֶענִין זַייא גִיפַאלִין אוֹיף דִיעם פנים אוּנ זַייא הָאבִּין גִישְׁרִיגֶען ד' הוא האלקים. אִיבֶּער דֶעם אִיז אליהו זוכה צוּ קוּמֶען אוֹיף יֶעדִין יְרִיד וָואס דֶעמָאלְס זֶענִין דִיא מֶענְטשִׁין טָרוּד אִין דאגת פרנסה אִיז זַייא שְׁוֶוער דֶעמָאלְס צוּ גְלֵייבִּין אָהְן דֶער השגחת הבורא גֵייט אליהו אִיבֶּער דֶעם אִין דִיא גַאסִין עֶר זָאל זַייא מעורר זַיין וֶוענִין דֶעם:

(ד) דֶער טַעַם פוּן דֶעם וָואס מֶען אִיז מסדר דִיא הוֹשַׁעְנוֹת אוֹיף דֶעם סדר וָואס עֶס שְׁטֵייט אִין דִיא סידורים אוֹיבּ עֶס גִיפַאלְט דֶער עֶרְשְׁטֶער טָאג סוכות אִין מָאנְטִיג זָאגְט מֶען אוֹיף דֶעם סדר. אוֹיבּ דִינְסְטִיג אִיז אוֹיף דֶעם סדר דֶעם כלל זָאלְסְט הָאבִּין בַּייא דִיר אַז שְׁטֶענְדִיג זָאגְט מֶען דֶעם עֶרְשְׁטִין טָאג למען אמיתךְ אִין צְווייטִין טָאג אבן שתיה אוֹיבּ עֶס גִיפַאלְט אִין דֶער וָואכִין אוּנ אוֹיבּ עֶס גִיפַאלְט אִין שבת זָאגְט מֶען אום נצורה אוּנ דִיא הוֹשַׁעְנָה פוּן ארוךְ שׁוּעי זָאגְט מֶען שְׁטֶענְדִיג אִין דֶעם טאג וָואס עֶס גִיפַאלְט יוהכ"פ בְּווייל מֶען זָאגְט גליתי בצום פ'שעי וָואס דָאס אִיז מרמז אוֹיף יוהכ"פ נָאר אַז עֶס גִיפַאלְט אִין שבת וֶוערְט דָאס נִדְחָה אוֹיף דֶעם אַנְדֶערִין טָאג. אדון המושיע זָאגְט מֶען שְׁטֶענְדִיג אִין זֶעקְסְטִין טָאג פוּן יו"ט נִישְׁט פְרִיר ווייל שְׁטֶענְדִיג זָאגְט מֶען דָאס אַ טָאג פַאר הוש"ר אוּנ מֶען אִיז מתפלל אוֹיף דֶעם וַואסֶער אוּנ רֶעגִין אִין סוכות אִיז אַ שְׁלֶעכְטֶער סִימָן קֶען מֶען פְרִיר נִישְׁט מתפלל זַיין אוֹיף רֶעגִין נָאר דֶער זֶעקְסְטֶער טָאג ווייל עֶר אִיז שוין נָאהֶנְט פוּן שמע"צ וָואס מֶען בֶּענְטְשְׁט אוֹיף רֶעגִין שַׁאט שוין נִישְׁט. נָאךְ אַיין טַעַם ווייל אִין דֶעם זֶעקְסְטֶען טָאג יו"ט שְׁטֵייט גִירֶעמְקְט אִין דֶער תורה ניסוךְ המים דֶען עֶס שְׁטֵייט ונסכיה צְווייא נסוכין ניסוךְ פוּן ווַיין אוּנ ניסוךְ פוּן וַואסֶער אִיבֶּער דֶעם אַז עֶס גִיפַאלְט דֶער זֶעקְסְטֶער טָאג אִין שבת זָאגְט מֶען אוּנ גַאנְצִין נִישְׁט דִיא הוֹשַׁעְנָה. אוּנ דִיא הוֹשַׁעְנָה אל למושעות זָאגְט מֶען שְׁטֶענְדִיג דֶעם דְרִיטֶען טָאג ע"ב זָאלְסְט שְׁטֶענְדִיג הַאלְטִין דִיךְ אִין דֶעם כלל וֶועסְט דִיךְ קֵיין מָאהְל נִישְׁט טועה זַיין אִין דֶעם סדר פוּן דִיא הוֹשַׁעְנוֹת אוֹיבּ דֶער עֶרְשְׁטֶער טָאג יו"ט גִיפַאלְט אִין מָאנְטִיג זָאגְט מֶען דֶעם סדר. למען אמיתךְ אבן שתיה ארוךְ שׁוּעי אוּנ אל למושעות זָאגְט מֶען דֶעם צְווייטֶען טָאג חוה"מ ווייל דֶעם דְרִיטֶען טָאג חוה"מ וֶועט גִיפַאלִין אִין שבת זָאגְט מֶען אום נצורה אוּנ אוֹיבּ עֶס גִיפַאלְט דֶער עֶרְשְׁטֶער טָאג יו"ט אִין דָאנֶערְשְׁטִיג אִיז דֶער סדר למען אמיתךְ אבן שתיה אום נצורה אוּנ ארוךְ שׁוּעי וֶוערְט נדחה אוֹיף דֶעם צְווייטִין טָאג חוה"מ אוּנ אַז דֶער עֶרְשְׁטֶער טָאג גִיפַאלְט אִין שבת אִיז דֶער סדר אום נצורה למען אמיתךְ אבן שתיה וֶוערְט נדחה וֶועגִין ארוךְ שׁוּעי אוֹיף דֶעם צְווייטִין טָאג חוה"מ אַז דוּא וֶועסְט שְׁטֶענְדִיג הַאלְטִין דֶעם כלל וֶועסְט דוּא דִיךְ קֵיין מָאהְל נִישְׁט טועה זַיין:

(ה) דֶער טַעַם פוּן דֶעם וָואס מֶען אִיז זִיךְ נוהג צוּ שָׁאקְלֶען מִיט דֶעם לולב

בייא

ביא אנא ד׳ הושיעה נא אבער ביא אנא ד׳ הצליחה נא שאקילט מען נישט. ווייל דאס שאקלען איז אויף דעם עס זאל פאר האלטין דיא שלעכטע ווינטען מיט דיא שלעכטע טללים אונ אהין צו שרייען דעם שטן איבער דעם ביא דער תפלה פון אנא ד׳ הושיעה נא בעטין מיר השי״ת אז ער זאל אונז ארויס העלפין פון דיא שאדינס אבער אין אנא ד׳ הצליחה גישיקט זיך נישט צו זאגין דעם טעם:

(ו) נאך איין טעם קען מען זאגין וואס מען שאקילט ביא אנא ד׳ הושיעה. ווייל עס שטייט אין פסוק אז ירננו כל עצי היער אונ נאך דעם שטייט הודו לד׳ כי טוב ואמרו הושיענו. אונ עס ווערט גיברענגט אין מדרש אז הקב״ה האט גיגעבין דיא מצוה דיא ישראל אז זייא זאלין זיך פרייען מיט דיא לולבין אזוי וויא א מענטש גייט ארויס פון דעם שופט אז ער האט גיוואונען דאס משפט פרייט ער זיך. דאס מיינט דער פסוק אז ירננו כל עצי יער מען וועט זיך פרייען מיט דיא ביימער פון וואלד אז זייא וועלין ארויס גיין גירעכט פון הקב״ה דעמאלט ווען ער משפט דיא וועלט אונ ביא וואס וועלין זייא זיך פרייען ביא הודו אונ ביא הושיעה נא:

(ז) דער טעם פון דעם וואס דיא אשכנזים שאקלין מזרח דרום מערב צפון אונ דער הייך אונ אינטין. אונ דיא ספרדים שאקלין דרום צפון מזרח. אין דער הייך. אינטין מערב. ווייל דיא אשכנזים ווענדין זיך פון דער רעכטער זייט אזוי וויא מיר גיפינען. וויא דוא ווערסט דיך ווענדין זאלסט דיך ווענדין נאר רעכטס. אבער דיא ספרדים שאקלין איבער דעם פסוק וואס עס שטייט לך ד׳ הגדולה והגבורה דאס איז דרום צפון וכו׳ אונ דאס איז דער צינור וואס עס גייט שפע פון הימעל אויף דער וועלט:

(ח) אויך איז גיוועזין א מנהג הושענא רבא נאך דעם וויא מען האט אפ גישלאגין דיא הושענא האט יעדער איינציגער אהיים גיפיהרט צו זיך אין שטוב דיא ערבה אונ מען האט זיא גישטעלט צו קאפינס פון בעט ווייל דיא מצוה איז גיוועזין גיליבט ביא זייא:

(ט) דער טעם פון דעם וואס אויף מענכע מצוות מאכט מען א ברכה אונ מענכע מצוות מאכט מען נישט קיין ברכה. זאלסט דוא האבין שטענדיג דעם כלל אז עלכע מצות וואס עס גיווענט זיך אין איין אנדערען מאכט מען נישט איבער זייא קיין ברכה דהיינו דיא מצוה פון ושפטתם צדק טאמער וועלין דיא בעלי דינים נישט וועלין אויף זיך מקבל זיין דעם דין אדער זייא וועלין זיך מוחל זיין איינער דעם צווייטען נאך אזעלכע מצות טהייל פון דיא איז נישט דא קיין מעשה אונ טוהן פון דער מצוה אונ טהייל ווייל מען איז זיך מוחל אונ טהייל וויא דיא מצוה קומט דורך איין עבירה איבער דעם מאכט מען נישט קיין ברכה איבער דיא אלע מצוה:

(י) דער טעם פון דעם וואס אויף פוהל מצות מאכט מען א ברכה מיט א לשון על דהיינו על ביעור חמץ על המילה אונ טהייל מצות מאכט מען א ברכה מיט א למד. להניח תפלין. להתעטף בציצית. זאגט דער ר״ת דעם טעם יעדער מצוה וואס ווערט באלד גיטאהן מאכט מען על אונ אזוי א מצוה וואס מען האט צייט מקיים צו זיין א גאנצין טאג זאגט מען מיט א למד:

# ווייל דיא טעג פון פורים זענען טעג פון שמחה וועל איך דא ברענגען עטליכע זאכען וואס השי"ת האט מיך געלייט זעליגט:

(א) אונ פ' ויירא שטייט אז הקב"ה האט זיך בעוויזען צוא אאע"ה אונ אלוני ממרא זאגט רש"י דעם טעם פאר וואס האט זיך הקב"ה צוא איהם דארט אנטפלעקט ווייל ממרא האט איהם געגעבען א עצה ער זאל זיך מל זיין. פרעגען אלע מפורשים אאע"ה וואס ער האט מקיים געוועזען דיא גאנצע תורה נאך איידער זיא איז געגעבען געווארען זאל גיין פרעגען א עצה צוא ער זאל זיך מל זיין וואס השי"ת האט איהם דאס געבאטען גאר מען קען זאגען דעם פשט פאר קעהרט אז ממרא האט איהם געגעבען א עצה ער זאל זיך נישט מל זיין. ווייל אאע"ה האט זיך געוואלט מל זיין נאך איידער השי"ת האט איהם געבאטען דיא מצוה אזויא גוט וויא ער האט מקיים געוועזען אלע מצות איידער ער איז געבאטען געווארען האט איהם ממרא געגעבען איין עצה אז ער זאל זיך נישט מל זיין ביז השי"ת וועט איהם הייסען ווייל אלע מצות אז ער איז מקיים איידער השי"ת האט איהם געבאטען קען ער זייא נאך אמאהל מקיים זיין נאכדעם וויא השי"ת האט געבאטען דיא מצוה כדי ער זאל הייסען איין מצוה ועושה וואס דאס איז גרעסער וויא איינער איז מקיים א מצוה איידער ער איז געבאטען אבער דיא מצוה פון מילה אז ער וועט מקיים זיין איידער ער איז געבאטען וועט ער שוין נישט קענען מקיים זיין נאך דעם אז השי"ת וועט איהם הייסען מל זיין דארום ער וועט זיך שוין נישט קענען נאך אמאהל מל איבער דעם האט זיך השי"ת בעוויזען צוא אאע"ה אונ אלוני ממרא:

(ב) נאך איין טעם קען מען זאגען ווייל מיר געפונען אונ דער גמרא אז אזעלכעס וואס עס איז הייליג אונ נאך איינס וואס עס איז שטענדיג איז דאס וואס עס איז שטענדיג פריר אזויא אויך ביא אאע"ה איז געוועזען צווייא זאכען איינס הכנסת אורחים וואס דאס איז שטענדיג אונ דאס צווייטע מצות מילה וואס דאס איז הייליג האט אאע"ה מורא געהאט אז ער וועט מקיים זיין מצות מילה וועלען שוין קיין אורחים צוא איהם נישט קומען אזויא וויא עס ווערט געברענגט אין מדרש אז אאע"ה האט געזאגט איידער איך האב מיך מל געוועזען איז געקומען צו מיר אורחים טאמער נאך דעם וויא איך האב מיך מל געוועזען וועלען שוין קיין אורחים צוא מיר נישט קומען איבער דעם קומט דוך מקיים צוא זיין דיא מצוה פון הכנסת אורחים פאר מילה ווייל דאס איז שטענדיג האט אאע"ה געפרעגט א עצה ביא ממרא וועלכע מצוה ער זאל פריר מקיים זיין האט איהם ממ"א א עצה געגעבען אויף דער מצות מילה חאטש מיט דעם דין וואלט געדארפט צוא זיין דיא מצוה פון הכנסת אורחים פריר ווייל זיא איז שטענדיג פון דעסט וועגען איז דיא מצות מילה פריר ווייל דיא מצוה מילה איז ער געבאטען געווארען פון השי"ת אונ דוא מצוה פון הכנסת אורחים איז ער נישט געבאטען געווארען פון השי"ת איז דוא מצוה פון מילה היילינער אין זיא איז פריר נאך איז דיא מצות מילה נישט גלייך

וויא

וויא אנדערע מצות ווייל זיא איז גלייך וויא דיא גאנצע תורה אונ עס איז בעשנימען געווארען איבער דער מצוה דרייצען בריתות אונ מען הייסט נישט גאנץ אהן דער מילה. נאך איז דיא מצוה פון מילה א מצוה עוברת ווייל דורך דער מצוה פון הכנסת אורחים וועט ער קיינמאהל נישט קענען מקיים זיין דיא מצוה פון מילה:

(ג) עס שטייט אונ דער גמרא שבת דף קכ"ז וירץ לקראתם פון דאנימ איז גידרינגען אז דיא מצוה פון הכנסת אורחים איז גרעסער פון קבלת פני השכינה איז שווער פון וואנען איז גערדרינגען אז דיא מצוה איז גרעסער טאמער זענען זייא גלייך נאר דאס וואס ער האט פאר לאנגט אל נא תעבור וכו' ווייל דאס איז איין מצוה עוברת אז ער וועט נישט אריין ברענגען דיא אורחים וועלען זייא אוועק גיין איבער דעם האט ער גיבעטין פון הקב"ה אז ער זאל ווארטען קען דוך זיין דיא מצוה פון הכנסת אורחים איז גרינגער נאר ווייל עס איז א מצוה עוברת נאר מען קען דאס אפ לערנען פון איין אנדער ארט אז הכנסת אורחים איז גרעסער. ווארען אלע מפורשים פרעגען אז אברהם אבינו האט מקיים גיוועזען דיא גאנצע תורה איידער זיא איז גיגעבען געווארען פאר וואס האט ער נישט מקיים גיוועזין אויך דוא מצוה פון מילה נאר עס ווערט גיברענגט אונ מדרש רבה אז אאע"ה האט געזאגט צוא הקב"ה איידער איך האב מיך מל גיוועזין איז גיקומען צוא מיר אלע מאהל אורחים אונ צייט איך האב מיך מל גיוועזין קומען נישט קיין אורחים זעהן מיר בפירוש אז אאע"ה האט זיך נישט גיוואלט מל זיין איבער דער מדה פון חסד וואס א"א האט גיהאט אונ זיך האט ער מורא גיהאט אז ער וועט זיך כל זיין וועלען אורחים מורא האבין צוא איהם צוא קומען טאמער וועט ער זייא ביטען זייא זאלען זיך אויך מל זיין אזויא גוט וויא ער האט זייא גיגייט זייא זאלען בעצאהלען פאר דעם עסען אז זייא האבען נישט גיוואלט בענטשען איבער דעם האט ער זיך נישט גיוואלט כל זיין חאטש ער האט געוויסט אז כ"ז ער איז זיך נישט מל קען ער נישט מקבל זיין דיא שכינה פון דאנען זעהן מיר אז עס איז גרעסער הכנסת אורחים וויא קבלת שכינה ווארום א"א איז גיזעסין אין פארכט ער האט נישט גיוויסט וואס צוא טאהן צוא ער זאל לויפען א קייגען דיא מלאכים ער זאל זייא אריין ברענגען צוא זיך אונ שטוב אריין אדער עס איז נישט קיין דרך א"ץ איבער צוא לאזען דיא שכינה פון דעסט וועגען איז איהם איין גיפאלען ער זאל א קייגען לויפען דיא מלאכים ווייל ער האט גיזעהן אז הקב"ה האט אויס גיצויגען דוא זון פון איהר פיטער פאס כדי נישט מטריח צוא זיין איהם מיט אורחים אונ פלוצלונג האט ער גיזעהן אז עס שטייט לעבין איהם דרייא מענטשען האט ער פאר שטאנען אז דאס איז מיט א השגחה פון השי"ת ער זאל זיך נישט מצער זיין דען הקב"ה האט בוודאי געוויסט אז ער וועט זייא א קייגען לויפען ער זאל זייא אריין ברענגען אין שטוב אונ ער וועט דיא שכינה לאזען שטיין איז דוך דער אמת אזויא אז עס איז גרעסער הכנסת אורחים פון קבלת שכינה:

(ד) אונ מסכת מגילה שטייט אז הקב"ה האט געוויסט אז המן וועט אפ וועגען שקלים פאר דיא ישראל האט הקב"ה זיך מקדים געוועזין אונ האט זייא גיבאטען אז ר"ח אדר זאלען זייא געבין שקלים. איז דער פשט אזויא המן האט געוויסט אז דיא ישראל האבען דיא זונד וואס זייא האבין זיך

גענינגט

גֶעבִּיגְט צוּא דֶעם צֶלֶם בַּייא נבוכדנאצר. נָאר אוּנ דֶער וָוארְהַייט זֶענֶען זַייא גִיוָועזִין גִינֵייט עֶס אִיז נָאר גְעוָועזֶען בְּלוֹיז אַ מַעֲשֶׂה נִישְׁט מַחֲשָׁבָה הָאט המן גֶעוָואלְט מצרף זַיין אַ צוּנְד עֶס זָאל זַיין מחשבה מִיט מעשה וָואלְט גֶעוָועזֶען ח״ו מְקוּיָם גִיוָוארֶען דִיא גְזֵירָה פוּן המן וָוען נִישְׁט וָואס הקב״ה הָאט זִיךְ מַקְדִים גִיוֶועזִין אוּנ עֶר הָאט אוּנְץ גִיבָּאטֶען מֶען זָאל בְּרֶענְגֶען שְׁקָלִים זַייא זָאלְלֶען מְכַפֵּר זַיין אוֹיף דֶעם וָואס מֶען הָאט גֶעזוּנְדִיגְט בַּייא דֶעם עגל אוּנ דֶער מחשבה אִיז נָאר אִיבֶּער גֶעבְּלִיבֶּען בְּלוֹיז דִיא זוּנְד פוּן נבוכדנצר וָואס אִיז נָאר גִיוָועזִין מַעֲשֶׂה אָהְן מחשבה אוּנ אוֹיף דֶער מַעֲשֶׂה זֶענֶען זַייא גִיוָועזֶען גִינֵייט אוּנ אַ אוֹנֶס הָאט אִיהְם דִיא תּוֹרָה גִיפַּטֶּירְט:

(ה) אוּנ מסכת מגילה שְׁטֵייט אַז אַ מֶענְטְשׁ אִיז זִיךְ מְחוּיָב אָהְן צוּא שִׁיכּוֹרִין אוּנ פּוּרִים בִּיז עֶר זָאל נִישְׁט וִויסֶען קֵיין חִילוּק פוּן אָרוּר הָמָן בִּיז בָּרוּךְ מרדכי אִיז שְׁוֶוער צוּא פַאר שְׁטֵייןְ פַאר וָואס הָאט מֶען נָאר גִיהֵייסֶען אוּנ פּוּרִים זַיין שִׁיכּוֹר נִישְׁט קֵיין אַנְדֶערֶען יו״ט אִיז דֶער טַעַם אַזוֹיא. וַוייל מֶען הָאט מְתַקֵּן גִיוָועזִין אוּנ פּוּרִים מְשַׂמֵּחַ צוּא זַיין זִיךְ אוּנ צוּא עֶסֶען אוּנ טְרִינְקֶען כדי מתקן צוּא זַיין דָאס וָואס זַייא הָאבִּין גִיגֶעסֶען אוּנ גִיטְרִינְקֶען אוּנ הנאה גִיהַאט פוּן דֶער סְעוּדָה פוּן אחשורוש וָואס אִין אמת אִיז דָאס אֵיין שְׁוֶוערֶע אַרְבֵּייט וָואָרֶען דֶער תִּיקוּן זָאל זַיין מֶען זָאל פַאסְטֶען אוּנ מֶען זָאל זִיךְ פַּאנִיגֶען פַאר דֶעם וָואס זַייא הָאבֶּען גֶעזוּנְדִיגְט וָואלְט דָאס גֶעוָועזֶען אֵיין לַייכְטֶע זַאךְ מְקַיֵּים צוּא זַיין וַוייל דָאס פַּאנִיגֶען טוּט עֶר גֶעוִויס פַאר הַשֵּׁי״ת אָבֶּער מִיט עֶסֶען אוּנ טְרִינְקֶען וָואס דֶער גוּף הָאט אַ הֲנָאָה פוּן דֶעם הָאט נִישְׁט יֶעדֶער מֶענְטְשׁ דִיא זכיה עֶר זָאל מְבַטֵּל זַיין דִיא הֲנָאָה פוּן גוּף אוּנ דִיא גַאנְצֶע כַּוָּונָה זָאל נָאר זַיין פַאר הַשֵּׁי״ת וֶועגֶען אִיבֶּער דֶעם הָאבִּין אוּנְזֶערֶע חכמים גֶעהֵייסֶען מֶען זָאל זַיין שִׁיכּוֹר בִּיז עֶר וֶועט נִישְׁט וִויסֶען קֵיין חִילוּק אוּנ דָאס אִיז בֶּעוִויסְט אַז אַ שִׁיכּוֹר פִיהְלְט נִישְׁט קֵיין טַעַם אוּנ עֶסֶען עֶר וֵוייסְט נִישְׁט וָואס עֶר עֶסְט אוּנ וָואס עֶר טְרִינְקְט אוּנ עֶר הָאט נִישְׁט קֵיין שׁוּם הֲנָאָה פוּן דֶעסְט וֶועגֶען עֶסְט עֶר אִיז דָאס נָאר אִיבֶּער דֶעם גִיבָּאט פוּן הַשֵּׁי״ת נִישְׁט אִיבֶּער דֶעם הֲנָאָה פוּן גוּף:

(ו) אַזוֹיא וַוייט בִּיז עֶר וֶועט נִישְׁט וִויסֶען פוּן אָרוּר הָמָן וכו׳ אִיז דֶער פְּשַׁט עֶר זָאל זַיין אַזוֹיא וַוייט שִׁיכּוֹר בִּיז עֶר וֶועט נִישְׁט וִויסֶען קֵיין חִילוּק. קֶען עֶר זִיךְ טוֹעֶה זַיין עֶר זָאל זָאגֶען פַאר קֶעהְרְט ח״ו ארור מרדכי וברוך המן. נָאר מֶען קֶען זָאגֶען אַזוֹיא דֶעם פְּשַׁט עֶס וֶוערְט גֶעבְּרֶענְגְט אוּנ דֶער גְמָרָא פוּן דִיא אֵיינִיקְלֶעךְ פוּן המן הָאבֶּען גִילֶערְנְט תּוֹרָה אוּנ בני ברק אִיז שְׁוֶוערֶער וָואס פַאר אַ זְכוּת הָאבּעֶן גִיהַאט, המנ׳ס קִינְדֶער וָואס זַייא זֶענֶען גִיוָועזִין תלמידי חכמים מוּזֶען מִיר זָאגֶען דוּרְךְ דֶעם וָואס עֶר הָאט מקרב גִיוָועזִין דִיא יִשְׂרָאֵל צוּא הַשֵּׁי״ת וָואס זַייא הָאבִּין גִיטָאהְן תְּשׁוּבָה אִיז דוּךְ אָבֶּער שְׁוֶוער הָמָן הָאט זִיךְ אָבֶּער נִישְׁט מְכַוֵּון גִיוָועזִין מִיט דֶער גְזֵירָה כְּדֵי דִיא יִשְׂרָאֵל זָאלֶען תְּשׁוּבָה טָאהְן עֶר הָאט עֶס נָאר גִיטָאהְן אִיבֶּער דֶער שִׂנְאָה צוּא דִיא יִשְׂרָאֵל מוּזֶען מִיר זָאגֶען חָאטְשׁ עֶר הָאט דָאס גִיטָאהְן וָואס יֶענֶע הָאבִּין תְּשׁוּבָה גִיטָאהְן אָהְן כַּוָּונָה פוּן דֶעסְט וֶועגֶען וֶוערְט דָאס אִיהְם גִירֶעכֶענְט פַאר אַ זְכוּת אִיבֶּער דֶעם אִיז אֵיין סְבָרָא מֶען זָאל זָאגֶען בָּרוּךְ הָמָן וַוייל דוּרְךְ אִיהְם זֶענֶען דִיא יִשְׂרָאֵל מְקוּרָב גִיוָוארִין צוּא הַשֵּׁי״ת אוּנ זַייא הָאבֶּען אַצוּנְד מְקַבֵּל גִיוָועזִין דִיא תּוֹרָה מִיט זַייעֶר

גוּטֶען

גוטען ווילען אונ עס איז זייא גיטעקה"ט גיוואָרין וויא פוהל מצוה דיא מגילה לייענען ומשלוח מנות ומתנות לאביונים. נאר דוך ווייל ער האט זיך נישט מכוון גיוועזין איבער דעם איז ער נישט ראוי צום בענטשען נאר ווען איז ער ראוי צום בענטשען איז אויך נאר אויף אזויא א אופן דעמאלט ווען מען איז אהן פארשטאנד דהיינו דורך שכרות איז דאס דער פשט וואס עס שטייט עד דלא ידע בין ארור המן לברוך מרדכי דהיינו דאס ווארט פון המן ביז מרדכי זאל ער נישט וויסען קיין צווישנהייט ער זאל נישט וויסען דאס ווארט ברוך גיהער ארויף אוועקן צוא המן צוא עס גיהער אונטען צוא מרדכי נאר איז ווייטער שווער וואס איז מרדכי הצדיק שילדיג מען זאל איהם שעלטין בטעות נאר עס ווערט גיברענגט אונ ספרים אז איבער דעם שטייט נישט אונ דער תורה דיא מעשה פון אאע"ה וויא ער איז ניצול געוואָרען פון אור כשדים ארוים בפירוש נאר אונ א רמז. נאר ווייל א"א האט זיך נישט גיטארהט ארייין ברענגען אונ א סכנה ער זאל צוא ברעכין דיא צלמים פון זיין פאטער. אזויא אויך קענען מיר דא זאגען דעם זעלבין טעם אז מרדכי האט נישט גיטאהרט ארייין ברענגין אלע יודין אין א סכנה אין רייצען זיך מיט המן ער האט זיך גיקאנט אוועק דרייען פון איהם אדער ער זאל אנטלויפען נאר ווייל מרדכי הצדיק האט זיך נישט מכוון גיוועזין אויף דעם ער זאל ח"ו ארייין ברענגען אלע ישראל אין א סכנה נאר דאס איז גישעהן ממילא אהן זיין וויסען איבער דעם איז דיא קללה אויך אהן דעם וויסען פון דעם וואס שעלט:

(ז) אונ פרשת בהעלותך שטייט ויעש כן אהרן דא זאגט דער פסוק דעם שבח פון אהרן הכהן אז ער האט נישט גיטוהן אנדערשט וויא מען האט איהם גיהייסין. פרעגין אלע מפורשי"ם וואס איז דיא רבותא וואס דער פסוק לאזט מיך דאס הערין. נאר מען קאן זאגין דעם פשט עס ווערט גיברענגט אין מדרש אז אהרן האט גיזעהן מען האט מקריב גיוועזין אלע קרבנות האט ער גיהאט חלשות הדעת ווייל ער איז נישט גיוועזין אויך נישט זיין שבט האט איהם הקב"ה גיזאגט בשעת דיא וועסט אהן צונדין דיא ליכט וכו' אז דיין מצוה וועט זיין גרעסער פון זייערע ווייזט פין דעם אוים אז דיא פרשה בהעלותך איז איהם גיזאגט גיווארין נאך דעם וויא דיא נשיאים האבין מקריב גיוועזין איז דוך שוועהר וויא אזויא האבין גיקענט דיא נשיאים מקריב זיין אלע קרבנות אין עס איז גיטאהן גיווארין אלע עבודות אין משכן אהן דער עבודה פון הדלקת הנרות בפרט דיא עבודה איז דיא ערשטע פון אלע עבודות וואס זיא הייבט זיך אהן פון בייא נאכט ביז אין דער פריה דיא מנורה איז דוך שוין גיוועזין פון לאנג פארטיג מיט אלע כלים וואס גיהערין צוא דער מנורה אונ עס איז שוין גיוועזין אלעם אין אוירדינונג וויא אזויא קען זיין איין סברא צוא זאגען אז זייא האבין נישט גיצונדין דיא מנורה. נאר אהרן האט בוודאי תיכף אהן גיצונדין דיא מנורה דיא נאכט וואס גיהער צוא ר"ח ניסן אזויא וויא דאס משכן איז נאר אויף גישטעלט גיווארען אונ אהרן האט מכוון גיוועזין אלע כוונות מיט אלע סודות וואס עס גיהער צום אהן צונדין נאך איידער מרע"ה האט איהם אוים גילערינט דאס הקב"ה גיזאגט צוא אהרן דרייצען טאג אין חודש דיין זאך איז גרעסער פון זייער אונ הקב"ה האט גיבאטען מרע"ה

ער

ער זאל איהם איבער געבין אללע כוונות מיט דיא סודות וואס ער זאל מכוין זיין בשעת ער צונד דיא לעכט. דאס ערצייהלט אונז דער פסוק ויעש כן אהרן אז אהרן האט מכוין געוועזין אלע כוונות באלד ווען ער האט דאס ערשטע מאהל אהן געצונדין אונ ער האט גאהר נישט פאר ענדערט פון דעם וויא השי"ת האט איהם געבאטין:

(ח) דער טעם פון דעם מנהג וואס מען איז מקדש איין אשה אונטער דער חופה נישט פריר. אויך מאכט מען א ברכה מקדש עמו ישראל ע"י חופה וקידושין זאגט מען פריר חופה הער נאך קידושין וואס איין אמת איז קידושין פריר. נאר אין אמת האבין אונזערע חכמים גיקלעהרט וועלבעס איז דיא קידושין פון ישראל מיט הקב"ה. טהייל זאגין אז דיא קידושין הייסין דאס רויב פון מצרים וואס מען האט זייא גיגעבין. אונ טהייל זאגין אז דיא לוחות זענין גיוועזין דיא קידושין. אונ וואס מען האט אויף זייא איבער גיקערט דעם בארג סיני בשעת מתן תורה דאס איז געוועזען חופה. אויך האבען אונזערע חכמים גיזאגט אז מרע"ה האט צו בראכין דיא לוחות כדי דיא ישראל זאלען האבען דעם דין פון א פנויה נישט פון קיין אשת איש. פרעגט מען ממה נפשך אז מרע"ה איז געוועזען איין שליח צו נעמין דיא קידושין וואס האט געהאלפען דאס וואס ער האט צוא בראכען דיא לוחות אז דיא קידושין זענין שוין געוועזען חל פריר אזוי וויא מרע"ה האט צו גענומין דיא לוחות? איז ער געוועזען איין שליח צוא ברענגין דיא קידושין וואס האט ער געדארפט צוא ברעכין דיא לוחות? ער האט דוך גיקענט געבען דיא ישראל דיא לוחות חייל בשעת זייא האבען געזונדיגט האבען זייא גיהאט דעם דין פון א פנויה. פאר ענטפערט דער הפלאה אז ביידע זאכען זענען אמת אז דיא קידושין איז געוועזען דאס פערמעהג פון מצרים אויך דאס רויב פון ים אויך דיא לוחות נאר עס איז געוועזין דיא קידושין אויף איין תנאי אויב זייא וועלין מקבל זיין דיא לוחות וועלין דיא קידושין חל זיין פון פריר. איבער דעם האט משה רבינו גוט גיטאהן וואס ער האט צוא בראכען דיא לוחות תאדום ער זאל נישט געוועזען צוא ברעכין וואלטען זייא גיהאט דעם דין פון א אשת איש אונ מיט דעם איז שוין אלץ פאר ענטפערט דאס איז בוודאי אז השי"ת האט גימאכט דיא קידושין פאר דער חופה דען אזוי וויא מרע"ה האט מקבל גיוועזין דיא לוחות זענען דיא קידושין חל געוועזען פון פריר. איבער דעם האט משה צו בראכען דיא לוחות זענין דיא קידושין בטל געווארען אבער דיא חופה איז ווייטער גיבליבין ווייל אין דער חופה איז נישט גיוועזען קיין תנאי נאר דורך דיא אנדערע לוחות זענען זייא אויף סנייא מקודש געווארען. איז גיוועזען דיא חופה פאר דיא קידושין איבער דעם זאגט מען ע"י חופה וקידושין.

# תם ונשלם



